ב. לאַפּין

# נייע לידער

•

פאַרלאַג אַטלאַנטיק
ניו יאָרק — 1940

ביכער פון זעלביקן מחבר:

**„אומעטיקע וועגן"**, (לידער), ווילנע, 1910.
**„רוסישע ליריק"**, ניו יאָרק, 1919.
**„צייכנס"**, (לידער), ניו יאָרק, 1934.



געדרוקט אין
פאַרלאַג אַטלאַנטיק — ניו יאָרק
33 גראַנד סטריט.
178

# די זון

איך — ברודער לייבלעכער פון צופאל,
האָב איינמאל איינגעצאָמט די רגע, —
און האָב די זון אַרויסגערופן
פון הינטער כמאַרעדיקע וועגן.

מיין רוף האָט הויך נישט אָפּגעקלונגען,
אין שטילקייט האָב איך זון באַשוואָרן:
— „נאָך ליכט איז גאַנצע וועלט פאַרהונגערט,
דו מוזט באַווייזן זיך אַ קלאָרע!“ — —

איז זון אַרויסגעקומען בלוטיק,
פון נאָפּל־שנור אַראָפּגעשניטן, —
אויף מיינע אייגענע מאַרשרוטן
מיך נאָכגעשוואומען אַ צעגליטע.

אָט ווערט איר רויטקייט העלער, העלער,
דאָס בלוט — ווי טרערן אָפּגערונען;
דיין חלום שטייט ביי דיינע שוועלן
נאָך שענער, ווי ער איז געשפונען! —

די כמאַרעס — פון דער זון צעביסן,
און שטרעקעס — ווייטע זיך געליכטיקט;
נאָר מענטשן שפּאַרן — ווי אין תפיסה, —
דורך שטראַלן־גראַטעס די געזיכטער.

זיי זיינען אַלץ נאָך אומגעגאַנגען
פון כמאַרע־בערג אַראָפּגעבויגן.
די זון און וואָלקן — זיך געראַנגלט
אין גרונט פון די צעפראַלטע אויגן.

און כ׳זע: אין אונדז ווערט אָפּגעשפּיגלט
דער וועלט־באַשאַף פון סאַמע אָנהייב;
אין אונדז צעבליט זיך סוד פון זיגן, —
און סוד פון דורכפאַל — ערד אויף פּנים!

און די, וואָס טראָגן גלוט פון זונען
אין קנופּ פון שטראַליקע פאַרלאַנגען: —
רופט זון אַרויס, און זי וועט קומען,
ווי זון פאַר מיר איז אויפגעגאַנגען!

# אַ טויער

כ׳בין געשטאַנען פאַר אַ טויער,
ניט פון מענטשנס האַנט געמאַכט.
ס׳האָט געשמעקט מיט אורוועלט, רוי־ערד,
מיט געבורט און מוטער־טראַכט.

שטייט דער טויער ווי אַ דוגע,
ריזיק אויסגעהיילט פון שטיין, —
אויסגעהאַקט מיט שטאַרקע צוגן,
ווי געפּליקט פון ווילדע ציין.

גריבער־אויגן — איינגעבויערט,
מענטשן־בליק — אַרויסגעבליצט.
שטייסט פאַרגאַפט: פון ווילדער רוי־ערד
שאַפנדיקער אָטעם שפּריצט.

אויג — צעשפּרייט זיך, שאַרף, ביז ווייטיק,
פון די וואונדער מיטגעשלעפּט, —
וואַקסט אַרויס פאַר דיר אַ לייטער
פון געהיפּטע בערג, ווי טרעפּ.

און אַ קייט פון שאַרפע פעלזן,
ביז די וואָלקנס האָט דערגרייכט.
ווי פאַרשטיינטע העלפאַנט־העלדזער
אויסגעשטרעקטע אין דער הויך.

איבער זיי — מיט ריטם קלעטערט
יונגער באַרג־פאַנטאַן צעשטראַלט.
האָב געזען, (ווען כ׳גלויב אין געטער),
דאָרט זיך שפּיגלען גאָטס געשטאַלט...

און די שטייניק־גרויע וויספּע
רירט, באַוועגט זיך, אָטעמט אויף.
הערסט פון פעלז צו פעלז אַ פליסטער,
ווי פון אויפגעוואַכטן גוף.

ריח פון באַשאָף און פאָרונג,
מיט אַ פרילינג־אָטעם שפרייט.
גרונט צעשפּאַלט זיין ערשטע קאָרע,
עפנט אויף זיין אינגעווייט.

ס׳דאַכט, אָט איצט ווערט אַלץ געבאָרן,
מיטן ערשטן אויסגעשריי.
כאָטש דער טראָט פון טויזנט יאָרן
האָט פאַרשטיקט געערדט פון זיי.

טויער — אָפן איז געשטאַנען,
דורכגאַנג צו אַ רויער וועלט.
איך בין ערשטער מענטש צו שפּאַנען
אין נאָך קיינעמסנישט געצעלט.

# מיין וועלט

איך האָב ליב דיך, מיין וועלט, ווי אַ טאַטע,
ווי אַ מאַמע זייער קינד מיט באַוואונדער;
ווייל ס׳האָט ליבשאַפט זיי קיינמאָל פאַרמאַטערט,
און מיט האַס — אייגן לייב נישט געצונדן.

און איך קום נישט צו דיר ווי אַ פּרעסער,
מיטן צאָנשאַרף און גיריקן גומען, —
ווי אַן אייגענער — אָפט נישט דערעסן,
ביז ס׳וועט יעדער זיין חלק באַקומען.

וועלט, — איך גלויב אין דיין גאַנג און השגחה,
דעם גערעכטן — וואָרט אָפּ דיין באַשיצונג;
און מיך שרעקט ניט וואָס שנאה־נצחון
וועט אַ ווייל דיינע הימלען צעבליצן.

נאַכט פון שנאה — ס׳וועט טאָג זי פאַריאָגן,
ביזן וואָרצל אויף אייביק פאַרצערן;
כאָטש דיין בויך האָט מיט שנאה פאַרטראָגן,
דאָך וועסט ליבשאַפט — ווי מאַמע געבערן.

## ווזיע פון אַ רויטן רעגנבויגן

רויטע קעלבלעך זע איך נייגן
איבער ווייסע גריקע־בייטן ? —
ניין, דאָס האָט פון רעגנבויגן
וואָלקנסטאַדע זיך צערויטיקט.

רעגנבויגן אויפן מזרח, —
מיט דעם פאַרב פון זונפאַרגאַנגען, —
האָט היינט רויטער זיך באַוויזן,
ווי אַ וואָרנונג אויפגעהאַנגען.

אַלע פאַרבן פון דעם בויגן
האָט דאָס פלאַמיק רויט פאַרשלונגען ;
אָנגעצונדן סטאַדע־אויגן
מיט פאַרצוקנדיקן הונגער.

נישט קיין וואָלקנס — בלודנע חיות,
דרייען הונגעריק די עקן,
ווארפן זיך אין רויטן פייער,
חיה־בלוט אַראָפּצולעקן.

ווי אין פרעהס קי־דערשיינונג, —
דאַרע — שלינגען איין די פעטע.
זייער לייב — אַלץ דאַר פאַרפייניקט,
מיילער — אָפן, נישט געזעטיקט.

***

שלאָפסט מיין וועלט אַזוי ניט רואיק,
בייזער חלום צינדט דיין הימל ;
וועמעס פלאַמיקע נבואה
קומט מיט בלוטיק־רויטן סימן ? —

כ׳שטאַרק מיין טראַט, ער זאָל נישט וואַקלען,
אין געשטייג אויף וואונדער־שטאַפּל;
ס׳פרעסט מיך הונגעריקער פלאַקער,
שפּיגלט זיך אין מיין שוואַרצאַפּל.

ליכט גייט גאַנצן לייב אַריבער,
כ׳ווער ווי הימל אָנגעצונדן,
רופן דונערן זיך איבער,
בליצן שרייבן אָן די וואונדער.

ווי נאַטור האָט אירע צייכנס
מיט זיגזאַגן בליץ פאַרשריבן, —
כ׳האָב נישט מורא מעסטן כוחות,
זיין אַן אויסגעלאַכטער גיבור!

מיט מיין הוילן בליק אַנטקעגן
אַט דעם וואונדיק־רויטן מזרח! —
כ׳קוק אין אָפּגרונט פון די רגעס,
וואו עס שפּיגלען זיך קאַפּריזן.

דו זאָלסט וואַגן, וואַגן, וואַגן,
קלינגען גלעקער אין מיין אויער, —
ס׳זוכט מיין אויג די בליץ־זיגזאַגן
פון דעם רעגנבויגן־טויער.

אַלע צייכנס ווילסט אַנטפּלעקן,
אַלע גרענעצן פאַרווישן,
און צערודערן די שטרעקעס
איינגעדרעמלטע אין כישוף!

## פייער

האָב פייער דערזען, און דערהערט זיין רויש,
און כ'בין אַוועק אַהין.
ס'האָט בראַנדיק צעלויכטן זיך יענע הויז
אין פלאַטערדיקן ווינט.

די פענצטער — מיט פלאַמיקן בליק געלוגט,
געדופן, און געבלענדט.
אין ליכט האָבן ווייטן זיך אויפגערוקט,
ווי דאָרט וואָלט אויך געברענט.

דער פייער — מיט צונגיקן פלאַם געלעקט
די באַלקנס, און די ווענט.
די חפצים אין גלי — זיך צו אים געשטרעקט:
נאַ, ברען אונדז, און פאַרברען!

פאַרצווייפלטער מענטש יאָגט מיט האָרץ אין האַנט
אויף גוף פון טיש און בענק, —
ס'ווערט שמאָלער זיין טראָט פון דעם פלאַם פאַרצאַמט,
ווי שלייף פון תליה ענג.

אויך זאַכן דערשפירן די טריט פון טויט,
געשטרעקטע אין געפאַר, — —
נאָר הילפיקע הענט — בלויז אויף מענטש צעשפּרייט,
געוואָגט, און איינגעשפּאַרט.

אין פּאַניקער שעה, פון זאַכן ווער טראַכט,
צערייצט פון ליכט־היפּנאָז;
און ס'האָט זיך אין בוך־שראַנק דער פלאַם צעלאַכט,
אַ ווילדער, הינטער גלאָז.

די גליאיקע בלעטער — געמישט, געמישט,
געלייענט, און פאַרצערט;
ביז שראַנק איז געפאַלן שוין פון די פיס,
צעשאָטן און צעשטערט.

שוין פינצטער אַרום... ווילדער פלאַם פאַרשטילט,
אַ פייכטע שוואַרצקייט גליט.
פאַר׳שרפה׳טע מעבל אין מיטן דיל, —
אויף שטיקלעך פיס געקניט.

און ס׳קלינגט אַ געזשום פון פאַרברענט געהילץ,
אַ שטאַרבנדיק געוויין;
דאָס לעבן פון זאַכן — נאָך מער דערפילסט
ביים פיינלעכן פאַרגיין. — — —

דו הויבסט עפּעס אויף פון דעם פלאַם פאַרלענדט,
און צערטלסט אין דיין האַנט; —
דו קוקסט, — ס׳ווערן ווייטן נישט מער דערנענט
אין אויסגעלאָשן לאַנד.

דעם הימל האָט קנויליקער רויך פאַרדעקט,
און אַלץ, וואָס ס׳איז געשען, — — —
אין קאַלט־שוואַרצן אַש האָט זיך פונק געוועקט,
נאָך איינמאָל וועלט צו זען!

# באַלאַדע פונם ריטל

האָב געשפּילט זיך מיט פּשוטן ריטל,
האָב אַ בויגן אַ רונדן געמאַכט.
פון מיין פינגערבאַריר — האָבן בליטן
שוין פאַרטריקנטע, ווידער דערוואַכט.

האָב איך בויגן אין האַנט איינגעהאַלטן,
זאָל נישט געבן אַ שפרונג, און — אַוועק.
נאָר די בליטן פון זונשיין צעשטראַלטע, —
האָבן מער נאָך מיט לעבן גערעגט.

די צערונצלטע קאָרע — ווערט גלאַטער,
און דאָס גרין — פריש און גלאַנציק שפּילט אוף;
אין מיין האַנט האָט אַ לעבן געפלאַטערט,
ס'האָט דאָס ריטל באַוועגט זיך ווי גוף.

האָט אַ חלום מיך גלעטן גענומען,
מיט די פונקען פון סנה מיך באַגליט;
און אַ ווינט — בלעטערט אָפענעם חומש:
„...איז מיט מאַנדלען דער שטעקן צעבליט!" —

ווערט איין חלום פון צווייטן פאַרביטן,
ווי פון רייטער — די לאַנדשאַפט פאַרשווינדט.
אין דעם חלל פון רונדיקן ריטל
האָט צעבליט זיך געשטאַלט פון מיין קינד!

ווי אַ זון, מיט אַ קרייז אַ צעשטראַלטן,
קוקט דאָס קינד דורכן בויגן מיך אָן;
געוועזן שווער מיר דעם בליק אויסצוהאַלטן,
ווי מיר וואָלטן זיך ביידע דערקאָנט. — —

אָבער וואָר — עפנט ווידער די אויגן,
טויטער ריטל אין האַנט מיינער לעבט! — —
האָב געמוזט באַלד באַפרייען דעם בויגן,
ווי ער וואָלט מיך צום באָדן געשלעפּט.

מיט די פינגער — אַזוי ווי אַ בראָנע —
האָב צעגראָבן אַ ווייך שטיקל ערד,
כ׳זאָל מיין ריטל פאַרפלאַנצן דאָרט קאָנען,
אויב אַזוינס איז צו טאָן מיר באַשערט.

אין מיין האַנט האָט געזונגען די אַרבעט,
דינעם ריטל באַוואָסערט, באַשיצט.
אויף אַ שטיין איז געזעסן דאָס שטאַרבן,
מיט די ציינער די ווייסע געבליצט;

און געהיט, נישט געוואָלט נאָך אַוועקגיין:
— מענטשנס נס וועט נאָך ווערן צונישט! —
נאָר דאָס ריטל, באַטויט, ווי פון רעגן,
האָט געוויגט זיך פון ווינטל דערפרישט.

איצטער שטייט עס אַ יונגינקער צווייגל,
ווי אַ פייל — שיסט זיין שפּיץ אין דער הויך;
ס׳וועט אַ בוים זיין... פאַרוואָס דריקט אַ שווייגן,
און ס׳פאַרקנוילט זיך מיין אומעט ווי רויך? — —

האָב אַ ריטל אַ טויטס אָפּגעשריען,
האָב צוריק אין אים לעבן דערוואַכט.
נאָר פון מיר — ווייכט דער יום־טוב פון בליאונג,
פאַר מיין קווייט — קיין צעבלי נישט געבראַכט!

און דאָס חלום־געשטאַלט גייט אויף קלאָרער,
אַ באַשטראַלטע — דורך בויגן געקוקט.
אונטער לאַסט פון דעם קינדערשן אָרון
וועט מיין קאָפּ זיין אויף אייביק געבוקט.

# אויפן גרענעץ פון זאַכן

כ׳האָב מיין וועג אויסגעקליבן
אויפן גרענעץ פון זאַכן;
ביי דעם ראַנד פון די גריבער,
אין דער נעסט פון דערוואַכונג.

מיט דער שאַרף פון די ראַנדן
שטייען תהומען צעעפנט,
איך דערוואַרט די פאַרוואַנדלונג
פון פאַרוויסטונג אויף שפע!

מיט דעם גאָלדזוכערס פיבער,
וואָס אין חושך באַהעלט אים, —
זיך אַליין טרעט איך איבער,
ווי אַ צאַם אַ פאַרשטעלטן.

ביי די מענטשן, — ווי חפצים
אויסגעניצטע, — אָן נעמען,
דאָרטן בלענדט זיך מיין אוצר,
און עס פירט מיך זיין פלעמל.

זייער וואָרט אַ פאַרלאַכטער,
ווי אַ בלעטל צעטראָטן, —
גליט צו מיר אַ דערוואַכטער
פון באַריר מיט מיין אָטעם.

הייב איך אויף אַלע ווערטער,
די, פון קיינעם פאַרנומען, —
די, פון שטויב אויסגעצערטע, —
און איך ווער זייער גומען.

ווערטער האַרבע, אָן בושה, —
אינדערהייך נישט צו זאָגן, —
ווייען צאַרטקייט פון קדושה,
טראָגן פולקייט פון לאָגל.

און איך צערטל זיי, צערטל,
ווי אַ קינדס יונגע גלידער, —
די געלייטערטע ווערטער
גיב איך קריק מיינע ברידער.

און ווי ערד שלינגט דעם זאָמען,
ווערן ווערטער פאַרשלונגען;
ווי צעפרילינגטע שטראָמען
ווערט אַ פרייד אויסגעזונגען.

מיינע ברידער, מיליאָנען —
אין אַ ים אויפגעשטורעמט, —
ס'ווערט געגרויסט זייער נאָמען,
און עס שפּראָצט זייער גבורה!

## וואָלקנס...

זע, וואָלקנס און וואָלקנס, און וואָלקנס — — —
פאַנטאַסטישע קעפּ און פיגורן;
אַ חיה פון אויבן פאַרפאָלגט אונדז,
אַ חיה — מיט מענטשלעכער צורה.

געשטאַלטן אויך אַנדערע פליען,
אויף דר'ערד נישט געזען נאָך אַזוינע! —
נאָר ערשטע משונהקע בריאה,
זי היט אונדז, די ערדישע, קליינע.

אונדז לאָקט אויך פאַרבאָרגענער אויבן,
דער פּאַלאַץ פון הייליקן וואונדער.
אַ וואָגן — געשפּאַנט מיט פיר לייבן —
צעטראָגט זיך אין פלאַמען געצונדן!

זיצט גאָט אין דעם וואָגן געפאַנגען,
געריגגלט פון פליגל־מלאכים;
די לייבן — זיך רייסן און ראַנגלען —
זיי האָבן דעם וואָגן צעבראָכן. —

די פלאַמיקע שטיקער פון וואָגן
פאַרברענען די וואָלקנס, פאַרטרייבן;
געשריי פון געבורט און פון טאָגן
צעטראָגט זיך פון הימלשע לייבער.

און גאָט — אויף אַ ראָד אָנגעהאַנגען —
וויגט אום זיך אויף פלאַמיקער תליה.
זיין מאַכט איבער וועלט איז פאַרגאַנגען,
האָט זיין כעס איבער הימלען געשריען.

נאָר ס׳האָבן געשפּאָט און געלעכטער
פאַרקלונגען גאָטס צאָרניקן ברומען;
מיט יום־טוב פאַר אַלע גערעכטע —
האָט זיבעטער הימל געטומלט.

אויך דאָרטן — ווי אונטן, מסתמא —
מוז אמת אַרויפשווימען אויבן.
אויף געטער קומט אויך אַ נקמה,
אין בלינדקייט פאַרלעשט זיך דאָס גלויבן!

# דוד׳ס שטיין

מיינע וואָכעדיקע רייד
גייען באָרוועס אָנגעטאָן.
און ס׳צעפּאַלט אויף זיי דאָס קלייד,
קאַלט, — און ליד שפּילט צאָן־אָן־צאָן!

נעם איך, ווען, אויף שפּאַס אַרויס
מיינע רייד אין יום־טוב־גאַס,
מיט דער באָרוועסקייט אַנטבלויזט, —
און די גאַס, — שרייט אויף פאַר כעס!

אייל איך קריק מיט מיינע טריט
וואו די מחנות גייען אום;
רויטער מאָן איז אונדזער בליט,
וואָס קאָן בליען אויך אָן זון.

רויטיקט קראָפּיווע די הויט,
בריט דאָס לייב פון מידן טאָג.
קליינע ברעקלעך ווייסע ברויט —
מענטש ווי שווערע משא טראָגט.

אונדזער וואָרט — ווי דודס שטיין,
פלינק, און אויסגעפּרובט צום פלי.
נישט פאַר אונדז צו ריידן שיין,
מיר — מיט אויסגעפליקטע קני! —

# אַלכעמיע פון וואָרט

האָב פאַרשפאַרט זיך אין אייגענער הייל,
און געזוכט די אַלכעמיע פון וואָרט.
אין אַטאָמען די ווערטער צעטיילט,
און דערנאָך זיי אין מינים געפּאָרט.

האָט אַטאָמען־געשטויב אין דער לופט
זיך געזיילט ווי אַ מדבר־סאַמום,
ביז דאָס וואָרט האָט געקראָגן אַ גוף,
און דעם פייער — פון ברעניקער זון.

לייכט מיין הייל מיט אַ פונקען־געשפריי,
ווי מיט לעבעדיק דראָט אויסגעלייגט;
פון נאָך קיינמאָל געשריענעם וויי, —
צוקן נערוון מיט נאַקעטן אויג.

און פון יעדן געבוירענעם וואָרט
ווערט אַן אַנדער גערויש אין דער לופט, —
די, וואָס זיינען נאָך ווייניק געקלאָרט,
ווערן ווידעראַמאָל אויסגעפּרואווט.

אָטאָ גליט — אַ פילפאַרביקער שטראַל,
אָטאָ אַיילט זיך — די קורצע מינוט.
יעדער וואָרט — מיט זיין שאָטן־געשטאַלט,
רויטער פייער — ביים אויפגלי פון בלוט!

לעבן — לאַכיקער פלאַטערט געקלאָרט,
ים — צעפּלייצט זיך אין כוואַליקער ברייט.
אַ געשריי אַ פאַרצוקטער ביי מאָרד,
אַ מוראַשקענע שטילקייט ביי טויט.

כ'זע, דאָס וואָרט איז ניט גרודיקער ליים,
וואָס דערוואַכט אונטער פינגער־געקנעט.
וואָרט באַשאַפט דעם באַשאַפער אַליין,
און מאַכט לעבעדיק דעם, וואָס עס רעדט. —

וואַקסט מיך איבער מיין אייגענער צאַם,
דאָס געשען — איבערשטייגט מיין פאַרלאַנג.
זען דאָס וואָרט ביי זיין אורערשטן שטאַם,
הערן גאַנג פון דערוואַכטן געדאַנק.

ערשטע ווערטער — נאָך קיינמאָל גערעדט,
ווי אויף שניי — ניט פאַרשריבענע טריט;
יעדער וואָרט — אין זיין הוילן סקעלעט, —
ווי אַ ווילדפלאַנץ נאָך פאַרן געבליט.

מיט אינסטינקט ווי פון אורוואַלד אַרויס,
שפרייזט דאָס וואָרט נאָך אויף מיידלשן פעלד,
ווי אַטאָם, ווען זיין קראַפט ווערט אַנטבלויזט,
איז ער גרייט צו צעטרייסלען די וועלט!

# דער פולער קרוג

1

כאָטש נישט פון פולן קרוג אַרויס
איצט שעפּן זיך שוין מיינע יאָרן,
און אפשר טריפן שוין פון טיפן דנאָ
די לעצטע, לעצטע טראָפּנס;
און באַלד וועט מיך אַרומזוכן פאַרצווייפלטער מיין שאָטן, —
דאָך לעב איך אַלץ נאָך מיט דעם יונגן רויש
פון פרילינג־דונערן אין רוים אין קלאָרן,
ווי כ׳וואָלט אויף ס׳ניי פון קרוג גענומען שעפּן מיינע יאָרן,
און זיי שעפּן זיך נישט אויס! —
ס׳קוועלט לעבעדיקער קוואַל פון טיפן דנאָ,
ווי ס׳וואָלט צו אייביקייט געזאַלבט געווען די שעה;
איך לעב, כאָטש מיין געביין איז לאַנג נישטאָ! —

2

און אפשר איז דער פולער יאָרן־קרוג
נישט מיר אַליין געגעבן?
פאַר מיר איז לאַנג שוין לאַנג גענוג! —
נאָר ס׳קוועלן אין זיין טיפן דנאָ די יאָרן
פון נישט־אויסגעלעבטע לעבנס,
פאַר דער צייט פאַרצוקט? —
אַ געפּעס בין איך געבאָרן,
מיט לעבנס מענטשלעכע פאַרטרויט.
יונג־בלוט פון אייגענעם, פאַרשניטענעם געזינד
דורך מיינע אָדערן רינט.
און וויפיל אַנדערע — פאַרלאָשענע פון טויט, —
לעבן דאָ מיט מיר אונטער איין הויט?...

3

איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס איך האָב, אָפּט,
אין פאַרצווייפלונג פאַרשיכורט, —
נישט צעבראָכן מיין פולן קרוג אויף שטיקער.
ווי קאָן איך דערנעענטערן דעם סוף
צו אַ טייערן פקדון? —
אַז איך בין מיט אַ גאָב אָנגעלאָדן!
אימיצנס פרייד — דאַרף איך פריידיקן,
אימיצנס פיין — דאַרף איך פייניקן.
און אויסברוכן, פרעמדע אַמאָל,
פאַר מיר אַליין נישט צו פאַרשטיין, —
זוכן אַ וועג דורך מיר אַדורכצוגיין,
און זיי ריידן רייד אַזוינע מיט מיין קול...

# מיין בייט

כ׳וועל צעאַקערן ווייכער מיין בייט,
דאָס געבלי זאָל פאַרוואָרצלען אין דר׳ערד;
ווייל פון ווינט־בעזים ווערן די רייד
נישט פאַרזייטע, ווי זאַמד אויסגעקערט.

און מיך אַרט נישט, וואָס ערד עסט זיך איין
אין די ווערטערס צעשויבערטע הויט;
ווי דער פראָסט, נישט געליכטיקטער ליין
שמעקט מיט ערד, און מיט פייכטקייט באַטויט.

כ׳וויל די ברכה פון צייטיקן רונד,
מיט דער פולקייט פון לעבעדיק לייב;
אין דעם וואָרט — אַ געלייטערטער בונד,
וואָס איין ליבשאַפט מיט צווייטער פאַרשניידט.

ווען צעבליט וועט מיין וואָרט פאַר מיר שטיין,
ברוין פון זון, און צעשניטן פון ווינט, —
וועל איך זאָגן אים: איצט מוזטו גיין,
און די מענטשן מיט ליבשאַפט פאַרבינד.

ווייל אַ זין האָט די פרוכט פון דער ערד,
זי דאַרף ברענגען דעם מענטשן איר טעם;
און מיין וואָרט — וועט אויך ווערן דערהערט,
ווי דער טייך שטאַרקער רוישט ביי זיין צאָם...

# דיין בעכער פרייד

פאַרדעק מיט שמייכל־שוימיקייט
דיין אייגן בעכער פרייד.
דאָס פליסטערן פון גלאַטן זייד
מיט שיכרות־ווינטל ווייט.

דיר פינקלט פרייד פון פולן כוס
און ס׳שלעפערט איין די זעט;
דיין גלאַטער וועג — איז ווייל דו האָסט
אַליין אים אויסגעגלעט.

ס׳איז לייכט אַזוי אין זיך אַליין
צו ווערן איינגעגלויבט.
ס׳איז יענעמס וואָרט — אַ שאַרפער שטיין,
און דיינער — ווי אַ טויב.

נישט טראָפן צווייפל, — נאָר די ענד
צו אַלץ, — אַמאָל דערשרעקט.
ס׳האָט שלמהס שמייכל זיך צעבלענדט
אין סוף פון זיינע טעג.

ווען ס׳האָט זיין גומען אַלץ פאַרזוכט,
ס׳פאַרשיכורט שוין נישט מאַכט;
ערשט דאַמאָלסט האָט צום צווייפל־בוך
קהלת זיך דערטראַכט.

## יעדע זאַך

האָסט געזאָגט צו מיר: פון יעדע זאַך,
פון גאָרנישט־ניט, קאָן ווערן אַלץ.
שטומער חפץ אין דיין האַנט דערוואַכט,
און ס׳רעדט די בלייפען, וואָס דו האַלטסט.

— פרישע וואונדן אויף דעם רונדן האַלץ
נערוועז פון פינגער אויסגעקנייפט;
גרודעס שוואַרץ־ערד מיט דער בלייפען מאָלסט,
ווי אַקער גראָבט אין ערדיש לייב.

און עס שוואַרצט זיך אַ צעאַקערט פעלד,
דו הערסט ווי זאָמען קוועלט און יערט;
ס׳וואַקסט פון שטומער בלייפען אַ געמעל,
פּאַפּיר גייט־אויף ווי פרילינג־ערד.

## מוטער־וועלט

אונדזער צייט איז פון אַנטפּלעקונג,
סוד ווערט אויפגעוואַכט ווי בלום.
און דערנעענטערט ווערן שטרעקן,
און אין יאָך גייט אויף די זון! —

גאַנצע וועלט איז אין באַוועגונג,
ס׳רעדט דער שטיין, און ס׳טוט דער שטויב;
און דער יאָ מיט שנעלקייט זעגלט,
און דער ניין וועט זאָגן: גלויב! —

איצטער לויטערן זיך יאָרן,
צייט אַנטשלאָפענע — דערוואַכט.
וועלט — געהאַט האָט נייע פאָרונג,
און אַ נייקייט ברענגט איר טראַכט.

אַלע מענטשן, אַלע חיות,
אַלע ווידמונגען אויף דר׳ערד, —
אַנדערש וועלן זיך באַנייען
אין באַשאַף, וואָס וועלט געבערט!

אַלץ וועט קומען מיט אַ טואונג,
אַלץ וועט אָטעמען מיט פליכט;
וועלט אין רו — מיט אַלץ וועט רוען,
אַלע קינדער פון גאָטס דיך! — —

זע, ווי וואונדיק, זע, ווי בלוטיק,
פאַר געבורט די וועלט זעט אויס!
מיט איר הוילער טראַכט ווי מוטער,
ליגט אין ווייטאָקן אַנטבלויזט!

# אויף ווינטיקע רוימען

כ׳פאַרזיי מיינע ווערטער אויף ווינטיקע רוימען,
ביז וואַנען זיי וועלן זיך ערגעץ דערשלאָגן;
כ׳פאַרזיי מיינע ווערטער, ווי זייער די זוימען,
זיי זאָלן דער וועלט זייער צייטיקייט זאָגן.

נאָר איך — קען פאַר זיי נישט צעווייכן דעם באָדן,
ווי זייער די בייטן מיט שטאָלענער בראָנע;
כ׳האָב פריער מיט צייטיקייט זיי אָנגעלאָדן,
זיי זאָלן אָן אייביקער בליאונג דערמאָנען.

די מענטשן — דעם קלאַנג פון די ווערטער דערהערן,
וואָס האָבן אין רוים זיך מיט זון אָנגעטרונקען;
און ס׳וועלן די ווערטער די פלאַמען געבערן,
וועט גאַנצענע וועלט זיך אין ליכטיקייט טונקען!

# ע כ אָ

צו מיין זון אָדם

זאָל דיין וואָרט זיין רונדיק, רייף,
ווי אַ בויגן אָנגעשטייפט.

נאָר נישט טויטע פייל — נאָך פליִ,
וואָרט — מיט אייביקן געבליִ.

מיט אַ דויערדיקן שיין
זאָל זיין פולקייט ליכטיק זיין.

ניט ווי שיין פון גליִ־אינזעקט,
קוים באַלייכט זיין קורצע שטרעק.

וואָרט — מיט פלינקן בויגן־שפּרונג
און דעם עכאָס ווידערקלונג.

שטענדיק עכאָן אין דער ווייט,
אין דער יונגער אייביקייט.

## מיין בערעזע

דו ווילדסט בוימער, דו ווילדסט גרין,
דו ווילדסט וויגנדיקן קלאַנג.
און ביי מיר — געוואָי פון ווינט,
און אַ סמ׳יקער געטראַנק.

ביזט מיין גאַסט, און פירסט זיך אוף:
וואָלדסט געוועזן מיין באַלעבאָס;
נאָר דו קוקסט אויף מום פון גוף,
טרויסט ניט דינקייט פון מיין כוס —

אויסגעהאַקט מיין גרינער וואַלד,
און עס זשאַווערט פרישער שטאַם;
מיין בערעזע האָט געשטראַלט
ווייסער, ליכטיקער פון שוואַן!

האָסט זיך אויף מיין גרינעם שליאַך
מיט מיין פרייד אַמאָל געפרייט? —
און האָסט טרייסטונג מיר געבראַכט,
ווען בערעזע האָט פאַרשנייט? —

נישט מיין פרייד האָסטו געקענט,
נישט מיין פיין האָט דיך גע׳צער׳ט.
דער אַליין פון מיינע ווענט
האָט דיך קיינמאָל נישט דערוואַרט!

## דער לייטער

און ער — האָט אויסגעחלומט זיך אַ לייטער,
אויף אים — דעם לעצטן שטאַפּל זיינעם גרייכן.
דערזען פון דאָרט, ווי זיינע שטרעקעס שפּרייטן,
און ווי די פלאַכע נידער נעמט פאַרבלייכן;
וואו ס׳גלאַנצט דער שוואַרצער אַקער־שניט אויף בייטן,
וואָס האָט מיט גרודעס ערד־געשריפט פאַרצייכנט
דעם אויפגאַנג־סוד פון קערנער טיף־פאַרזייטע, —
ער האָט פאַרביטן אַלץ — אויף בלויע הויכן.

דער ווייטער ערד — געשענקט די טריט־נדבות,
די נאָזלעכער — מיט הימלשע גערוכן;
אַרומגעפירט אויף פלאַמיקע מרכבות
דעם חלום, ווי יהוה זיינע לוחות;
באַגלייט אַ פרעמדן טאָג, און פרעמדן אָוונט.
ער קאָן נישט פּראָסטע פרוכט פון דר׳ערד פאַרזוכן,
און ס׳בליט נישט אין דער נידער זיין מחשבה,
אים יאָגן נאָך צעשוימטע הימל־שפּרוכן.

אַז ער איז אויף דער לעצטער טרעפּ דערשטיגן,
אַ פינטעלע — פון אַ דערווייטערט פויגל, —
האָט ער דערפילט די נישטיקייט פון זיגער,
ווען וועלט ווערט קלענער נאָך אין זיינע אויגן.
וואָס נאָך אין לעבן קאָן ער איצטער קריגן,
אַז ס׳האָט נצחון זיך פאַר אים געבויגן.
איצט וואָלט ער אויף דער נידער וועלן ליגן,
און ווי די וואָרצלען — מאַמע ערד געזויגן.

## ווי בוים...

איך וויל זיין ווי בוים אין אַלע צייטן,
פונם ריטל — ביזן ברייטן שטאַם;
בליען, וועלקן, פלאַקערן אין שייטער,
פונם שטורעם — אויפגעהעלטער פלאַם!

קאָרע־קנייטשן פון דער גרויער עלטער —
טראָגן שטאָלץ ווי יוגנטלעכע וואָר!
ווער קאָן וויסן, אויך אין שפּעטע וועלטן
וועט נאָך רוישן מיין פאַרצווייגטער דור!...

## ברודער!

צו דר. ח. זשיטלאָווסקי

אין שאַרפע צונגן, אין שנעלע בליצן, —
זאָג אַלץ אַרויס אין איינציק וואָרט;
פון בערגלעך — בערג, פון פעלזן — שפּיצן,
פון ביידע פּאָליוסן — דער נאָרד!

נעם קירצסטן וועג־שניט — צו ווייטסטע לענדער,
עס לויפט די וועלט איר לעצט געלאָף —
נוץ וואָרט, וואָס שטאַרבט ניט אין קיין פאַרענדער,
אַ שפּרונג, אַן אייביקן, באַשאַף!

ס׳איז דאָ, ס׳איז הבלס געשריי־רוף: ב ר ו ד ע ר!
קום, ברודער, ברידערן די וועלט!
איך וויל נישט גיין צו דער גרויסער סעודה,
ווען נאָר איין קנעכט בלייבט אָפּגעשטעלט!

# זוניקע טריט

ב. וואַלדעק — צו זיינע 50 יאָר

ווילסט ווערן געהערט,
ווילסט ווערן געזען, —
ווי קווייט — זיין דערנערט
פון זוניקן בלענד.

דער בליק פון אַרום,
כאָטש נאַקעט טוט אויס, —
באַוואָרעמט ווי זון
אַן אָפענע הויז.

דערשרעקסט זיך, ווען טאָג
נעמט טונקעלן שליאַך, —
האָסט אַלץ אויסגעזאָגט,
פאַר ליכטיקער וואַך!

און דאַן — דיך באַפאַלט
באַשיידענע שטיל;
לבנה־געשטראַל,
לבנה־געהיל.

דיך רופט דער אַליין
אין שווייגיקער צעל, —
ווי קוואַליקע ריין
באַהאַלטן אין פעלד.

נאָר שטומער גערעג
פון לייב און געבליט, —
שרעקט מער דיינע טעג,
ווי זוניקע טריט...

# היינטיקע טעג

דער שלאָף — ווי די טרוימיקע וואָך,
ס׳איז לעבן — אין חלום געזען;
די וואָר — מיט די אויגן פאַרמאַכט,
פאַרהילכט מיט באַלויכטענער ברעם. — —

דו שעמסט זיך, אין היינטיקע טעג,
צו טרינקען אַזוי פון דער רו,
ווען וועלט שטייט פאַר דיר אויפגעוועקט,
ווי אויף ים אַ צעברויזטע קאַנו.

היינט שלאָפט זיך אָן חלום די נאַכט,
די ברעמען פאַרקלאַפט ווי אַ חייל, —
אויף בעטל וואַרפט אום זיך די וואָך,
איר טאָגיקן וואָגל דערציילט.

ס׳ליגט וואָר, ווי פון קלעפּ איינגעשמידט,
און טראַכט נישט דערוואַכן שוין מער;
אַ טרויעריק, טרויעריק ליד
פאַרוויגט האָט איר מידן געהער.

אָ, דו, מיט דיין טרויער־געזאַנג,
האָסט, דאַכט זיך, אויף אייביק פאַרוויגט —
פאַרהילך מיט אַ פאַנישן קלאַנג,
אַז וואָר זאָל דערוואַכן צוריק!

## פאַר מענטשנס גליק

דער האָגלענדיקער גיין, און גיין, —
ווי בלויע קלעפּ אויף בלייכן לייב;
כ׳זע שטענדיק צאַמען, צאַמען שטיין,
מיין פרייהייט ליגט פאַר מיר פאַרשפּייט.

דאָס לעבן איז צו אונדז געשענקט,
באַהעפט צו זיין מיט גאָרער וועלט;
ווען תליה ברודערס האַלדז פאַרענגט,
אויך דו צום משפט ביסט געשטעלט!

פאַר מענטשנס גליק — דערשטיקטע פרייד,
און לעבנס פאַר דער צייט צעשטערט,
ווייל זריעה, — אויפצוגיין אין בייט, —
מוז טרינקען פינצטערניש פון דר׳ערד.

און דער — גייט היינט, און מאָרגן — איך,
דעם וועג צו גליק דורך עשאַפאָט, —
ביז ס׳וועט זיך אַיינטונקען אין ליכט
דער וועלטס באַפרייענדיקער טראָט!

## ע ך...

מיין טעגלעך ברויט, וואָס איך פאַרשלינג,
האָט מיך נאָך מער פאַרשלונגען.
נישט איך דעם טרוקן ברויט באַצווינג,
ס׳איז ער, וואָס שרעקט מיט הונגער!

אַמאָל, ס׳לייכט אויף פאַר מיר אַ טאָג,
און כ׳גיי אויף זיינע ווייטן, —
ווי הונט — האָט הונגער אָנגעיאָגט,
באַפאַלט פון אַלע זייטן.

און כ׳גלעט זיין פעל מיט קאַלטן גרויל,
ער זאָל אויף מיר נישט שפּרינגען,
און ס׳קריכן אויס, ווי גראָז פאַרפוילט,
זיינע האָר אין מיינע פינגער.

די אויגן ברענען. איך דערוואַך.
איך וויל מיין אומרו שטילן.
און מיינע טריט, — אויף האַרטן שליאַך, —
אויף מיר ווי הינט צעבילן.

דער דרום־ווינט — נאָך מער פאַרשטייפט
אין וועג די האַרטע גרודעס;
נאָך גוט ס׳האָט פריילעך צוגעפּייפט
אויף שליאַך אַ צווייטער ברודער! —

# דער מאַרש פון צוויי

לידער פון ניו־יאָרק

## צלם־שניט

1

אַכטע עוועניו — צווייאונפערציקסטע סטריט.
אַ נעץ פון שטאָלענע אָדערן אויף אויסגעשטרעקט האַרץ
פון די ברייטסטע פּירווינקלען פון שטאָט.
די שפּיצן־מויערן — ביז די וואָלקן געשטאַרצט,
מיט גערויש פון ראַדיאָ־שטאַנגען ווי האַרפן אָנגעדראָט. —

אין וואונדיקע עקן פון אַ ריזיק־צעשניטענעם קנופּ
צעפליען זיך שלאַנגיק אויף שייד־וועג די שטאָלענע רעלסן,
איבער גוף פון דער גאַס, ווי אַ צלם געקרייצט.
דער בלויער שטאָל — פון הייסער זון געשמעלצט זיך,
ווי שמאָלע וואַסערן ליכטיקע געפלייצט.

צום דרום, צום צפון די עוועניו פליט,
צווייאונפערציקסטע גאַס גיט דעם צלם־שניט.
מיט איין וועג צו מזרח, מיט צווייטן צום מעריב,
וואָס שרייט מיט די קולות פון האַדסאָן,
אין יאָמערדיקן סירענע־רוף פון פּיררן און פערריס;
זיי ענטפערט אָפּ צוריק דער טעמפּער בראַזג
פון די אונטערערדישע רערן —
ניו־יאָרקס טשוגונענע געדערים.

2

## אין דזשאָנגל פון שטאָט

אַכטע עוועניו — צווייאונפערציקסטע סטריט,
זיי שיינען אין זון ווי אַ צלם־שניט.
אין מיטן העלן, וואָכעדיקן טאָג, —
אַ ציענדיקער קאַראַוואַן פון אָמניבוסן,
טראַמווייען, אויטאָס און טראָקס,
אונטער דער הייסער זון פון הימל־מיט,
ווי דזשאָנגל־חיות גלאַנצנדיק געגליט.

און כוואַליעס פון וויגנדיקע מענטשן־קעפּ, —
זיך שווינדלדיק געטרעפּט
איבער שטאָטיקן סטעפּ,
אין געיעג פון יאָג און איבעריאָגן.
ס׳האָבן פון יעדער גאַס די ראָגן
מיט גוואַלד אַראָפּגעשעפּט
אַ כוואַליע מענטשן־שטראָם,
זיי ווי צוק־ווינטן אַ ריס געטאָן,
דערנאָך זיי אַלע — מיט זיך אַוועקגעשלעפּט.

דאָך געדרענג אויף דער עוועניו נישט ווינציקער ווערט,
ווי עס זעצט זיך נישט דער ברייטער ים אַראָפּ,
ווען ס׳ווערן זייטיקע קאַנאַלן פון אים גענערט.
ס׳קומט צו אַלץ מערער, ווי ס׳פאַלט אָפּ.
ס׳שווימט רוישיקע שטאָט, ווי דער ים אין איין שטראָם,
און דו זעסט נישט די, וואָס גייען אַוועק,
און די, — וואָס קומען אָן.

3

## אַכטע עוועניו

ס׳איז אַכטע עוועניו דער פּראַכט־אַריינגאַנג,
און אַרויסגאַנג טיר פון גרויסער שטאָט.
פון דאָרט צעשפּרייטן זיך די האַמער־קלאַנגען
און דער גערויש פון דער פאַבריקן־ראָד.

דורך אַכטער עוועניו ווערט דורכגעגאַנגען,
אין די באַגינענס און פאַרנאַכטן,
דער הילכיקער אַרבעטער־טראָט.
דורך דאַנען סקריפּען שווער די געלאָדענע פראַכטן
מיט איבערגעפּאַקטער משא־וואָג.
דאָ הילכן־אָפּ די אַרבעטער־שלאַכטן
פאַר מערער ברויט און קירצערן טאָג.

דאָ איז די ריזיקע קיך־פאַבריק,
וואָס קאָכט פאַר גאַנץ ניו־יאָרק איר מאָלצייט.
דאָ ווערט אויסגעשפּונען גרויסער זיג
פאַר די גערעכטע און די שטאָלצע!

4

## כאַאָטישע ניו יאָרק

כאַאָטישע ניו־יאָרק איז געבויט אָן אַ פּלאַן,
און ניט געוואוסט, אַז ענג וועט זיין פאַר איר דאָס אינדזל־לאַנד.
נאָר אויך אין כאַאָס רוט השגחה;
וואו מענטש האָט געשטעלט בית־עולם־צאַם,
דעם לעצטן טראָט פאַר דורכפאַל און נצחון, —
איצט טורעמט דאָרט אַ לעבעדיקע וואַנט
פון וואוינונגען, פאַבריקן, און געשעפטס־רעקלאַמען.

די אייביקע רו האָט זיך איבערגעבראָכן.
ס'לויערט ניו־יאָרק אויף טויטנס לעצטע דאַלעד־אַמעס;
ווי פאַרפלייצונג לאָזט זיך גיריקע שטאָט ניט צאַמען,
און יעדער ערד־טראָט ווערט פון איר פאַרשלונגען.
זי שטופּט און שפּאַרט זיך אין דער ברייט, צום האָדסאָן,
און קלעטערט אין דער הויך מיט זיגזאַג־צונגען,
ווי אַ שטייניק־לעבעדיקע שפּראָצונג! —

איבערנאַכט ווערן הייזער און גאַסן איבערגערוקט,
וואוינונגען — פון פאַבריקן־געביידעס פאַרצוקט.
קליינע הייזלעך, איינגעשרומפּענע פון שרעק זיך פרעסן,
זיי ווערן צווישן מויערן אין אַ סענדוויטש אויפגעגעסן.

5

## גרויס־שטאָט

ס׳האָט גרויסשטאָט איר אייגענעם לעבן, איר אָטעם, —
מיט דזשאָנגל־קולות צערייצטע גאַסן ברומען.
די מויערן, ווי באַשעפענישן לעבעדיקע סאָפּען.
ס׳האָט ריטם און באַדייט צעהילכטער טומל;
אין די בראַזגענדיקע טריט פון פאַראייניקטן טאָפּען,
שרייט איינציקער טראָט, ווי אין ים דאָס געשריי פון טראָפּן,
וואָס וויל ניט אין כוואַליע־רויש פאַרשטומען.

ס׳קוקט שטאָט דורך פירקאַנטיקע שויבן־אויגן
אַרום און אַרום אין אַלע זייטן, —
און מיר ווערן פון איר בליק אַרומגענומען
ווי פון אַן אייביק צעפלאַקערטן שייטער.
און גאַס ווערט אַלע רגע פון געשעענישן נייע צוגעצויגן,
נאָר שטראָם פאַריאָגט זיי ווייטער, ווייטער;
בלויז צופאַלן וואָס קומען אָן ווי קריגער, שטרייטער,
זיי לאָזן זיך נישט גרינג מיט שטראָם פאַרשלעפּן,
און פאַרצויגן מיט אַן אייגן נעפּל —
צעברעכן זיי אַמאָל דעם גאַנג פון שטאָט,
און ס׳ווערט לענגער אָפּגעשטעלט צעיאָגטער ראָד.

6

## דער מאַרש

איינמאָל, — איך בין געווען פאַרכאַפּט
פון שטאָטישן קאַליידיסקאָפּ־באַוועג,
און ווי טראָפּן אַריינגעזאַפּט
אין שטראָמיקן געיעג —
האָט אַ צופאַל אָנגערירט מיין אַקסל,
און געשעעניש פאַר מיין בליק צעוואַקסט זיך: —
ווי פאַר אַן אָפּפלוס ווערט מענטשנשטראָם צעטאָלט,
און אויפגעעפנט ווי אַ טויער ברייט.
די איילנדיקע מענטשן — שטיין געבליבן מיטאַמאָל,
און ווי מיט רידלען גראָבט דאָס איינגעשטילטע טראָט־געשריי,
וואָס עמיץ האָט פאַרהאַלטן: שטיי! —

וואָס איז געשען? — המון האָט שטוינענדיק באַגלייט
אַ מאָדנע פּאָר פון ערגעץ אָנגעקומען, —
וואָס גייט דורך מענטשן־טויער שווייגנדיקערהייט.
אַ מאַמע, מיט אַ זון אַרומגענומען,
מאַרשירן שטאָלץ אין שמאָלער ריי,
מאַרשירן אַ פייערלעכן מאַרש פון צוויי.

המון האָלט איין דעם אָטעם,
קוקט נאָך דאָס פּאָר, צוויי בלייכע שאָטנס
אין שטאָטיקער כאַאָטיק.
האָב זיך דערנעענטערט, און דערזען:
די בלוי־געשוואָלענע אָדערן פון מאַמעס אַרבעט־הענט,
ווי פאַרפרוירענע שטריק דאָס לייב געשניטן,
אין די אויגן האָט צער פון חיה געברענט,
ווען סטאַדעס טרינקען זיך אין טיפע זעמד
פון הייסער זון צעגליטע,
און האָבן מיט יעדן זעמדעלע געקעמפט. —
מאַמע און זון האָבן מוטיקן מאַרש געשריטן.

ביידע — אין ווייסע זומער־שמאַטעס,
נאָר אָרעמקייט האָט זייער שטאָלצקייט ניט פאַרראַטן.
די בלאַסע פּנימער, פון שווייס באַגלאַנצטע,
זיי ווייסן גוט די פרייד פון מקריב זיין אינגאַנצן,
און זיך נישט אונטערגעבן פּיין און מאַטער;
די ברוסט פון אויסגעבלייכטער דאַרער מאַמע
איז מוטיק אויסגעשטעלט ווי שיצנדיקער פּאַנצער, —
דער שוואַכער זון, מיט יאָרן פון אַ טאַטע,
האָט זיך קינדעריש אָן איר געקלאַמערט,
געשלעפּט די קראַנקע, טאַנצנדיקע פיס,
אין וואַקלענדיקן ריטם פון קינדער־פּאַראַליז,
געהיט געטריי די ריי,
אין פייגענדיקן מאַרש פון צוויי.

7

# המון

המון — שוין לאַנג פון דער פאַר אויסגעניכטערט,
און איז ווידער אַוועק מיטן שטראָם.
די ווייסע שמאַטע־קליידער אין זון געליכטיקט,
געפלאַטערט ווי צעריסענע פאָן.

אָפט וואַשן יסורים אַראָפּ ווי אַ רעגן
פאַרשטויבטן פּנים פון המון.
אויך די, מיט פאַרבלוטיקטע נעגל,
ווערן אַ ווייל דורך יסורים ריין.

נאָר המון ווערט ווי בליץ אָנגעצונדן,
ווערט באַלד פאַרלאָשן, און פאַרגעסט.
ער ווערט נישט צוגעשמידט צום וואונדער,
אויב ס׳הענגט נישט ווי אַ שווערד דער נס! —

איז פאַר פאַרפרעמדטע אין געדרענג געגאַנגען,
פּראָצעסיע פון קיינעם מער באַגלייט.
דער מאַמעס ווערטער אין דער לופט געהאַנגען,
אַזוינע פאַרפייניקטע מאַמישע רייד:

— דער מענטש גיט אַוועק זיין בלוט און יוגנט
פאַר אויפבלי פון שטיינערנע שטעט.
פון מויערן־שפּאַלטן קוקן אַרויס הרוגים,
אין ליים פון די ווענט אַריינגעקנעט.

עס ווערט אַלץ העכער אייער בבל טורעם,
און ס׳איז נאָך אַלץ אייך נישט גענוג.
דער טראָט, — געבלוטיקט אין יסורים —
אייך ברענגט נישט צום שפּור פון פאַרצוק.

ווען ציגל פאַלט אויף דר׳ערד אַנידער,
פאַרזאָרגטע הייבט איר שנעל אים אויף.
בלייבט שטום פאַר איבערגעפאָרענע גלידער
פון אַ לעבעדיקן מענטשן־גוף.

אַ מאַמע, — כ׳האָב אַלץ אַוועקגעגעבן,
באַליידיקטן נפש פון טויט אויסגעלייזט.
ס׳מוז ווערן באַשיצט די קרוין פון לעבן,
ביז ס׳גליט נאָך וואו אַ פונק פון טרייסט.

אַט קלאַמערט זיך אַ לעבן אַ פאַרשעמטער,
נישט אינגאַנצן פון פאַרצוק פאַרהיט.
ווער הערט די שפּראַך פון גלידער געלעמטע,
פון פאַראַליז־צעטאַנצטע טריט?

נאָך קינדער־טריט דער חיהס אויגן לוגן,
און זייער מאַרך־ביין רייסט זי אויף.
זי באַפאַלט זיי אין בלי פון יוגנט,
נאָך אין קינדערש־ווייכן גוף.

נישטאָ קיין גרעסערע שטראָף פאַר גלידער,
צו ווערן בליענדיק פאַרוויסט.
פאַרגליווערט ליגט אין זיי די מרידה,
ווי אַ בערגל רויע מיסט. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב די שטורעם־רייד אַרויסגעלייענט
פון מאַמעס פיבערדיקן בליק.
און וויפל פאַרבאַרגענע געשרייען
נאָך אַלץ געבליבן אין האַלדז פאַרשטיקט.

און ס׳דראַפּעט זיך איר בליק אויף די געביידעס,
וואָס ענג איז זיי די אָפענע גאַס,
אויף זיי אָנגעשפּאַרט די צעברענטע דאגות,
זיי זאָלן צוהאַלטן איר שווערע לאַסט.

נישט אויף לאַנג געלאָזט די דאגות ליגן,
די שווערע לאַסט, ווי איר זון איז איר נאָנט; —
דאָס פּאַר איז שטאָלץ ווי אויף בערג געשטיגן,
אין איילנדיקן מענטשן־שטראָם.

8

# באַגין

אַכטע עוועניו! — צווייאונפערציקסטע סטריט, —
ס׳וועלן מיליאָנען־מיליאַסן טריט
איבער דיין גוף מיטן צלם־שניט,
אין שטילקייט פון נאַכט און אין טאָגס געשריי,
נישט קאָנען פאַרהילכן דעם מאַרש פון צוויי, —
פאַרטייעטע מחנות ציען נאָך נאָך זיי.

פרימאָרגן. זיי גייען אַרום ווי פאַררויכערטע קעץ,
די מחנות הונגעריקע מענטשן־שאָטנס, —
און צערייסן דעם האָדסאָן־טומאַן
פון רויטן ניו־יאָרקער באַגין.
זייער האַנט האָט געבויט די מויערן־נעץ, —
און זיי אַליין איז פאַרבאָטן,
און זיי אַליין איז פאַרצאַמט,
אַריינצוגיין פאַר נאַכטלעגער אַהין.

די אַלע היימלאָזע אין רויטן באַגין,
די קליידער צעקנייטש פון האַרטן שטיין,
וואָס איז זייער בעט געווען, —
די האָר האָבן אין קאַלטן מאָרגן־ווינט
מיט רויטן טומאַן געוויינט.
נאָר אַן אַנדער באַגין האָט געטאָגט אונטער ברעם,
און ס׳האַרץ האָט געוואַרעמט אַ יונגן געדאַנק:
— וואָס דיין האַנט האָט באַשאַפן — פאַרנעם!
און דיין חלק וועלט — פאַרלאַנג!

# ז ו נ ט י ק

ניין, כ׳וועל היינט פון גאָרנישט טראַכטן,
היינט איז זונטיק, ס׳איז מיין רו־טאָג.
שעפער — שטומע, צוגעמאַכטע.
כאָטש ס׳האָט שאַפ פאַרשעמט מיך בלוטיק,
און געלאָזט מיך אַ פאַרלאַכטן, —
וועל איך אָפהיטן מיין רו־טאָג,
און פון וואָכיקייט נישט טראַכטן.

כ׳וועל אויך רוען מאָנטיק, דינסטיק, —
סלעק — שטרעקט אויס פאַר מיר איר דרויסן.
זונשיין — טרינקט זיך אין דער פינצטער ;
שאַפ — אויף לאַנג האָט מיך פאַרשטויסן.
אַרבעט — ווי אַ טרוים צערינסטו
אין דעם וואָלקנדיקן דרויסן
פאַר די מאָנטיקס און די דינסטיקס.

און דיין האַרץ וועט זיין פאַרריגלט,
פריינט — זאָל גאָרנישט־ניט דערקאָנען.
ס׳זאָלן נישט די מיטלייד־פליגן
זוכן פאַשע אויף דיין פנים.
גלידער — וועלן שטיל זיך קריגן,
לאַסט פון אַרבעט וועלן מאָנען, —
נאָר דיין האַרץ וועט זיין פאַרריגלט.

## פ אַ ר ש ע מ ו נ ג

אויף דיין שטיינשווערן זאַק —
נישט אַ קוקטאָן וויל קיינער.
און דיין טראָט — גייט זיגזאַג,
און דיין לייב — ווערט פאַרשטיינערט.

ווען דיין שטיינשווערן זאַק
עמיץ וויל ביי דיר נעמען, —
וואָלסטו פעלזן צעהאַקט,
פול מיט בלוילעכן קרעמען.

וואָלסט געטראָגן אים לייכט,
ווי אַ פעדער אַ גרינגן.
מיט דער משא — געשלייכט,
אָן צעבלוטיקטע פינגער.

וואָלסט געגעסן דיין ברויט,
און געדאַנקט פאַר די גנאָדן, —
כאָטש דער זייער פאַרזייט
יעדן איינעם זיין יאָדער...

נאָר דו וואַרטסט... און דו וואַרטסט
מיט באַליידיקטער משא;
און דו לערנסט דיין האַרץ
צו זיין שטאַרק, און נישט האַסן.

דאָך צעשטראַלסט זיך אַמאָל,
דו מאַכסט פינקלען דעם קרעמען! —
נישט די גרוילקייט פון עול,
ווי עס דריקט די פאַרשעמונג!

# עס יאָגט, עס יאָגט די אַרבעט

ניטאָ קיין צייט זיך אָפּשטעלן,
עס יאָגט, עס יאָגט די אַרבעט.
כ׳וויל זיך אַליין וואָס זאָגן,
אַ חברס וואָרט פאַרנעמען, —
עס יאָגט, עס יאָגט די אַרבעט.

און ניט נאָר אין פאַבריק־רויש,
אין שפּאַן פון די מאַשינען,
מיך יאָגט און יאָגט די אַרבעט, —
אין בראַזג פון ענגע גאַסן,
אין לויפנדיקע סאַבווייס,
אין שטוב מיט מיינע נאָנטסטע, —
מיך יאָגט און יאָגט די אַרבעט.

ווי טיטוס פליג — אין אויער,
פאַרצערנדיק אָן אויפהער, —
מיך יאָגט און יאָגט די אַרבעט ;
די טרוקן־ברויט באַלוינונג,
די דלד־אמות וואוינונג,
און רגע־ווייז פאַרדאַרבונג
פון זונען אויפגעוואַכטע — — —
איך קאָן זיך נישט פאַרטראַכטן,
ווייל ס׳יאָגט און יאָגט די אַרבעט.

## מיינע טעג

מיינע טעג, האַרבע טעג, —
גרויע שטיינער פון ברוק;
צייַן — פון בייכיקער זעג —
שטענדיק גרייט צום פאַרצוק.

ווי נישט מיינע געוועזן —
קוקט איר, טעג, אויף מיר קרום;
גלייך איר וואָלט זיך געשעמט
מיט מיר גיין אונטער זון.

אפשר בין איך אַליין
אייער וואָלקן־געוועב,
און כ׳פאַרטונקל דעם רוים
איבער אייערע קעפּ? —

בין דער רויך איבער פלאַם,
וועלכער גליט נאָך פאַרדעקט.
ס׳ברענט דער טראָט, אין געשפּאַן,
צו דעם ליכטיקן וועג.

## סטרייק

מיינע רייד, וואָס איך פֿאַרשווייג,
אונטער רויש פֿון דער פֿאַבריק,
זיינען היינט אַרויס אין סטרייק: —
שוין גענוג זיי זיין פֿאַרשטיקט!

און זיי ווילן — ווי דער ראָד,
ווי דער מעסער און די צוואַנג, —
הויך זאָל הילכן זייער זאָט, —
וואָס אויף הייסן גומען צאַנקט;

— ווייל דיין ליפּ מיט שטומקייט לייגט,
ווי אַ צוגעמאַכטע שוועל, —
היינט איז סטרייק, אַ סטרייק, אַ סטרייק,
מירן שטורעמען דיין קעל.

מירן צאַמען דיינע הענט
מיט דעם אויפגעדעקטן סוד,
ביז ס׳ווערט אונדזער רעכט דערקענט:
ריידן הויך ווי צוואַנג, ווי ראָד.

## דער רונדער לאַבן

שרייבט מיין פריינט מיר אומעטיקע שורות,
אַז מיין לייב לויפט דורך אַ שרויט;
ווי די קנייטשן פון פאַרברוינטער צורה,
פּראָסטע ווערטער ריידן: „ברויט!" —

נישט קיין קלאָג איז אין דעם וואָרט געלעגן,
נישט דערנידערונג ביז דר'ערד;
נאָר אַ לאַסט אַזאַ — נישט אָפּצעוועגן, —
האָט אַכזריותדיק באַשווערט.

ס'טראָגט נישט יעדער שווערן יאָך ווי קעמל
אין דעם מדבר־קאַראַוואַן;
הייסער שטויב פאַרשיט זיי נישט די ברעמען,
שטורעם צאַמט נישט יעדן שפּאַן.

ס'יאָגט נאָך איינעם זיך — דער רונדער לאַבן,
ווי נאָך טראָפּישן — די זון;
יענער איז די גוטס ווי חוב מקבל,
און זיין פּנים לויכט פון רום! — —

בלודנע נויט אַרום — נאָר שטערט זיין וואוילטאָג,
זיין הנאה איז נישט פול;
ס'ווייס נישט פון קיין זאָרג דער אויסגעצייכנטער,
טראָגט ניט יעדנס לאַסט פון שולד.

אַלע אָרעמע, דאָס זיינען ווערים,
ווי מוראַשקעס אונטער פיס, —
איבער אים בלויז — שיצנדיקער שטערן,
וואָס באַפּלאַסטערט אים די וויסט. — —

איך און דו מיין פריינט, די אומבאַשיצטע,
איבער אונדז — קיין שטערן היט;
אונדז באַלייכטן נאָר די שטורעם־בליצן,
און דער טרוים פון פריי, וואָס גליט! —

# אויף די קני

איך אַייל אַהיים און מיך פּאַרלויפט
אַ קול אַ קינדערישער: — !Shine
עס האָט דאָס קול מיך אָפּגעקויפט,
און כ׳בין אין קינדס רשות אַריין.

אויף זיינע קני בלייבט יינגל שטיין,
ווי צו אַ הייליקן געבעט.
באַפייכטער בליק, ווי נאָך געוויין
האָט אומעטיק אַזוי געגלעט.

אַט פליען זיינע הענטלעך אום
אויף מיינע שטויביק־גרויע שיך.
אין איינעם — שפּיגלט שוין די זון,
און שמאָלע, יינגלשע געזיכט.

ווי אַנגעצויגן גומעלאַסט, —
דער לייוונט־פּאַס דעם לעדער שנעלט;
אין לעצטן גלי — די גאַנצע גאַס
מיט קאַפּאַראַפּ האָט זיך געשטעלט.

איז צו דעם שפּיל שוין צוגעוואוינט,
דאָך שפּיגלט ער אין שוך זיין בליק;
ווען מיילער וואַרטן אויף זיין לוין,
און ס׳רייט דער עול אויף זיין געניק.

איך פרעג: ביזט דרייצן שוין, געוויס? —
ער זאָל דערפילן זיך געגרויסט.
— בין צען! — האָט ער מיך דורכגעשפּיזט,
געשנעלט דעם לייוונט מיט זיין פויסט.

און ווי זיין דורכגעשפּיזטער בליק
וואָלט אויסגעשעפּט מיך ביזן דעק, —
האָט יינגלס צונג זיך באַלד צעוויגט,
כאָטש מער האָב איך שוין ניט געפרעגט: —

— „נישט גוט ווען טאַטע זיצט אין הויז,
און דאַרף דער מאַמעס אַרבעט טאָן. —
זיי ריידן טעג קיין וואָרט נישט אויס,
נאָר די פיריאַריקע — זי מאַנט!

מיר האָבן צופיל נישט געהאַט,
אַז אויך דער טאַטע אַרבעט ווען;
בלויז שוועסטערל געמוזט זיין זאַט,
און זי דאַרף מער פון אַלעמען! —

מיר אַלע — זיך געטיילט דעם ביס,
צו איר — דאָס בעסטע צוגערוקט;
נאָר זי באַפּאַלט דעם גאַנצן טיש,
וואָלט ווי אַ חיה אַלץ פאַרצוקט". — — — —

דאָס יינגל איז אַוועק שוין לאַנג,
ביים צווייטנס פיס האָב אים געזען;
איך גיי, און ס'יאָגט מיך נאָך דער קלאַנג:
„און זי דאַרף מער פון אַלעמען". — — — —

די גאַס — מיט קאָפּ אַראָפּ געגליט
און מיינע שפיגלדיקע שיך.
איך טראָג דעם יונגן טרויער מיט
פון שמאָלן, יינגלשן געזיכט.

## מיין פאַרהאָריקטע טאָרבע

מיט מיין לאַסט אָנגעלאָדט, —
נעם איך וועג מיינעם טרעטן,
מיטן אָקסישן טראָט,
מיטן אייזלשן קלעטער.

און איך ווייס נישט וואוהין
וועט דער וועג מיינער שלעפּן;
דורך דעם הייסן כאַסמין?
צי אויף בערגיקע טרעפּן?

טראָט פון אָקס — אין דעם זאַמד,
און אויף באַרג־טרעפּ — דער אייזל;
נישט קיין פריינטלעכע האַנט
זאָל פון לאַסט מיך דערלייזן.

לאַסט — אין מיר וואַקסט אַריין,
ווי צום קעמל — די האָרבן;
ביסטו אייביק שוין מיין,
דו פאַרהאָריקטע טאָרבע?

וועט אַ ווילדער סאַמום
מיר נאָך מערער פאַרשטויבן?
וועט נאָך ליכטיקע זון
מיך באַגיסן מיט גלויבן?

## פריש ברויט

אויף דעם שטויב פון דעם בעזים
פּרובט ער שטאָלץ זיינעם אויס,
אַז נידעריקער פון גרעזל
זאָל ער נאָכדעם אַרויס.

יאָך פון לערניונג טראָגן
מיט פאַרפּאַנצערט געמיט,
קאָנען ביישטיין דעם האָגל
פון געשריי, יעדן שריט.

קריכט זיין שטאָלץ אונטער טישן,
וואו דער בעזים נאָר קערט,
און ער קושט אויס די רשעות,
אַ פאַרשטויבטע אויף דרערד.

אָט — ווי בעזים צעשפּרייט זיך,
אָט — פאַרשפּיצט ער זיך דין,
שטאָלץ — אין שטויב אַ פאַרווייטער —
קריכט ווי טונקעלע שפּין.

נאָר אָן בייזער מחשבה,
וואָס דער שפּינוועב פאַרשפּינט, —
בלויז מיט חלום פון אָוונט,
ווען דער בעזים פאַרשווינדט.

אויף דער פריי פון די גאַסן,
אונטער הימלשן דאַך,
ווערט זיין שטויב אָפּגעוואַשן,
ווערט זיין אָטעם דערוואַכט.

נייער כוח צעוואַקסט זיך,
נייער שטאָלץ זיך צעשפּילט;
זיינע לערניונג־אַקסלען —
ווי צום פּלי אָנגעצילט.

מיט די אַרבעטער־שטראָמען
אין די היימען צוריק, —
שווימט זיין טראַט און זיין נאָמען,
און דאָס רעכט אויף זיין גליק. —

אין דעם ראָד פון משפּחה,
אין דעם שיין פון זיין היים,
ווערט פאַרצערט מיט נצחון
פרישער ברויט פון זיין לוין.

# דער זאָאָלאָג

עס איז געווען מיין באַלעבאָס
היינט זייער מילד צו מיר,
מיך בלויז גערופן אייזל, האָז,
אוןווילדע וויזל־טיר.

ווייל אַלע מאָל איז באַלעבאָס
מאַטריאַך גאַנצן „זו״, —
ביז ער געפינט אין זיי די מאָס,
וואָס פּאַסט זיך צו מיר צו.

און איך — בין מער שוין ניט דערשטוינט,
שטיי גלייכגילטיק און הער;
דער אמת, כ׳בין שוין צוגעוואוינט
צו חיה־אַטמאָספער.

דער גאַנצער „זו״ איז מיר באַקאַנט,
כ׳בין פולער זאָאָלאָג;
און איך — אַן אָקס, בין איינגעשפּאַנט
אין יאָך דעם גאַנצן טאָג.

יאָ, ס׳האָט מיט אָקס נאָך באַלעבאָס
מיך קיינמאָל נישט באַקרוינט;
און כ׳דאַרף אים דאַנקען כאָטש פאַר דאָס,
וואָס ער האָט אָקס געשווינט...

און נאָך פאַר עפּעס קומט אים לויב,
(זיי מוחל מיר, מיין קלאַס!)
ער ווערט באַלד גוט און שטיל ווי טויב,
ווען ס׳גייט אים אָפּ דער כעס.

כאָטש איצטער גלויבט מען נישט אַזוי
אין טויבן־גוטסקייט מער;
נאָר ס׳איז דאָך בעסער ווי געשריי
פאַרהאָגלט דיין געהער! —

## העגט

מיין שטיק ברויט וועט נישט קלעקן
זיך צעטיילן אין צוויי.
הענט — מיליאָנען זיך שטרעקן,
כאָטש צעטייל אויך מיט זיי.

אין מיין שטוב, — ווי אין תפיסה, —
גייט דאָס ברויט מיר נישט איין;
כ׳וואַרט אויף נס: די פּאָר ביסן
זאָל פאַר אַלעמען זיין!

גאַנצע וועלט — איצט אויף דרויסן
מיט איר דאַך אָפּגעברענט, —
אין דעם אומגליק דעם גרויסן
ענטפער אַלעמענס הענט!

# מיינע לייבלעכע ברידער

מיינע לייבלעכע ברידער, איר ווייסט נישט,
וויפיל גליק איר אַליין טראָגט באַהאַלטן;
גאַנצע וועלט קאָן געבענטשט זיין מיט טרייסטונג,
אַז די פרייד, וואָס אין אייך, — זאָל אַ שטראַל טאָן. —

גיט אַ דריי אַייער וועלט ווי אַ גלאָבוס,
און באַטראַכט דעם צעוויקלטן שטח, — —
פאַראַן מער, וויפיל וועלט באַדאַרף האָבן,
אי פאַר דורות און דורות נאָך שפּעטער.

שרייט אַרויס אין דעם אומרו פון גאַסן
צום המון — פון זיין לאַסט איינגעבויגן:
— גלייך זיך אויס, ס'איז אַ ליגן דיין משא,
ס'האָט מיראַזש דיך פאַרנעפּלט די אויגן! —

און אַ וואַלד יונגעביימער צעשלאַנקטע, —
דער המון וועט זיך פּלוצלונג פאַרוואַנדלען;
גרויער טרויער אין אויג וועט פאַרצאַנקען,
און ס'וועט צינדן באַגין זיינע ראַנדן!

מיינע ברידער, אין לענדער צעשפּרייטע,
ווי מיט מאַמעשן נאָפּל פאַרבונדן, —
זאָל דאָס גליק, וואָס איר טראָגט אַ פאַרזייטן,
זיך צעבליען אויף אַלעמענס וואונדער!

## מײַן לאַנד

אין מײַן אויסגעטרוימטן לאַנד,
דאָרט וועט אַנדערש, אַנדערש זײַן!
זון — אין וועג האָט זיך פאַרזאַמט,
וועט נאָך העלער זײַן איר שײַן!

וואָלקנס — אין אַ שלאַכט מיט זון —
זאַפּן אײַן איר ריינעם פלאַם;
דער פאַרפלעקטער און דער מום
וועלן פאַשן ווייסן לאַם.

ס׳וועט זיך שוועסטערן די טויב
מיט די קינדער פון מײַן לאַנד;
גליק בענטשט יענעם, ווער עס גלויבט,
און דערקענט אַ ברודערס האַנט!

נאָר דאָס בלוט, דאָס בלוט, דאָס בלוט,
אין געראַנגל מיט באַגין, —
וועט פאַרשרייבן דעם מאַרשרוט:
— ס׳איז די לעצטע, לעצטע זינד! —

## פראַצע

אַן אָרעמער, — און נישט קיין אָרעמאַן
מיט אויסגעשטרעקטע בעטלער־הענט, —
אַן אָרעמער, וואָס אַרבעט אין געשפּאַן,
און מענטש אין אים ווערט נישט פאַרלענדט.

זיין פראַצע שפּראָצט אַרויס אַליין פון זיך,
ווי קופער, שטיינקויל שפּאַרט פון דר׳ערד;
דער אַרבעטער, — די בליענדיקע דיך,
וואָס שטענדיק פרוכפּערט, און געבערט.

נישט גוט אַריינצוזאַפּן קנאה, האַס,
צום מענטש פון מוטערטראַכט אַרויס, —
נאָר דער, וואָס טראָגט נישט פון דער וועלט די לאַסט,
קומט גרייט צום מעל־זאַק ווי די מויז!

אַזאַ גייט חוצפּהדיק אין גאַס צעשפּרייט,
דער לוקסוס שלאָגט פון אים און טרייבט; —
און אַלע ריסן שרייען אויף אין קלייד
אויף ערלעך פראַצעדיקן לייב: —

— פאַרשוועך ניט מי פון שאַפנדיקער האַנט,
פאַרזיי נישט אייגן פעלד מיט גיפט! —
זיי שרייען אויס, ווי פון באַלשעצערס וואַנט
די וואָרנענדיקע פייער־שריפט! —

# הבל שלאָגט צוריק

ניט געשריי, ניט געיאָמער ;
זיי געוואָגט, זיי געשטאַרקט !
ס׳הויערט בלינדע נקמה
אויף דעם שפּיץ פון איר באַרג.

מענטשלעך בלוט הערסטו וויינען,
און דו לויפסט נאָכן רוף ;
בלאַנקע האַק פון דעם שונא
מעסט די גרויס פון דיין גוף.

אירע שטאָלענע באַקן
שפּיגלען אָפּ דיין געשטאַלט.
נאָך אַ רגע — דיין נאַקן,
דער פאַרעקשנטער, פאַלט.

נאָר דאָס הייסע כלי־זיין
בריט דיין האַנטפלאַך און וועקט :
— היינט זאָל הבל זיין קין,
ס׳איז גערעכטער געשלעג ! —

הענגט דיין רגע, די לעצטע,
אויף דעם שאַרף פון אינסטינקט ;
ווער ס׳וועט פריער אַ זעץ־טאָן,
יענער זיגט און געווינט ! — —

צו דער ערד מיטן פּנים —
בלוטיקט שונא דעם זאַמד ;
איצט וועט מאָנען, דערמאָנען
פלעק פון בלוט אויף דיין האַנט.

דיך וועט קיינער פאַרשילטן —
שונאס בלוט מאַכט דיך ריין;
נאָר זיין בלוט, דאָס פאַרקילטע,
אין דיר יאָמערט אַליין.

מערדער — גרינג טרעט אַריבער
אַלדאָסבייז, וואָס ער טוט.
דיר — אויף אייביק בלייבט איבער
דער געראַנגל פון בלוט.

# מיין טאָג

אַוועק שוין מיין טאָג פון דערעסלעכער אַרבעט,
די זון — מיט כעס פון מיין פענצטער געטריבן;
געבויגן אונטער לאַסט פון ליידיקע גאַרבן,
צוריקוועגס אַהיים, קרייץ איך גאַסן איבער...

אַרום — פּליסן מחנות ווי האַרבסטיקע טייכן,
אַריבער די קעפּ — עלעקטרישע פייערס.
דער הונגער זינגט אויף אין געשרומפּענע בייכער,
און ריח פון עסן ברענגט וואַרעמען שפּייעכץ...

געלאָף און געדריי אויף באַלויכטענע ראָגן,
שוואַרץ־גלאַנציקער שטיינקויל — די קעפּ אין טונעלן;
דאָרט ראַנגלען זיך אָוונטס מיט יונגע פּאַרטאָגן,
עס רייסן זיך שאָטנס צו טרעפּיקע שוועלן...

געשריי פון סירענעס און קנוייליקע רויכן,
פאַרקלינגען, פאַרהילכן צעפּאַסיקטן שטח, —
עס ווערן געקעסטלטע תּפיסות באַלויכטן
מיט פלאַמיקן ליכט פון באַזונדערע געטאָס...

און גאַליקע ווערטער — אין קעל זיך געוואָרגן,
ווי האַלדז פון האַרמאַט וויל מיט קויל זיך צערייסן...
נאָר כ׳וויים... ווי אַ לאַסט־פערד וועט ווידער דער מאָרגן
פון גרויליקע בייטשן זיין לייב לאָזן שמייסן...

# מיין פריינט, דער פּאָעט

כ'האָב מיין פריינט, דעם פּאָעט,
פון מיין לעבן געלייענט;
נאָר מיין פריינט איז עסטעט,
ער האָט פיינט אויסגעשרייען!

כ'זאָג: — „מיין טרוקענער ברויט
פון דערעסלעכער אַרבעט", —
איז פון שטערן זיין הויט
אויפגעלאָפן אין קאַרבן...

— „אָ, דערעסלעך!" — דאָס וואָרט
האָט געפּייערט זיין גומען.
ס'וואָלט פון הונגער אַ מאָרד
אים אַזוי נישט צענומען!...

— „אַרבעט מאַכט דאָך אונדז זיס", —
האָט מיין פריינט זיך געבייזערט;
— „שענדן אַרבעט איז מיעס,
ס'איז אין אַרבעט דערלייזונג!" — —

כ'האָב מיין פריינטס שיינע רייד
מיט אַ שווייגן פאַרנומען, —
ס'האָט נאָך זאַמד אין זיין ברויט
נישט פאַרוואונדיקט זיין גומען...

# דיאַלאָג

— נאָכן ערשטן ווידערשטאַנד,
נאָכן ערשטן קעגן, —
און דו לאָזט אַראָפּ דיין האַנט,
ווילסט פון קאַמף אַוועקגיין!

— נישט קיין קאַמף, עס איז געשלעג,
פּויסט צו פּויסט פאַרמעסטונג!
נישט אויף דעם האָב איך אין טעג
קעגן גרויל געלעסטערט!

— ווער ס'אַנטלויפט, האָט זיין פאַרוואָס,
מיט אַ שיינעם נאָמען...
וועלט פאַרמאָגט פאַר זיי איין מאָס:
שרעקיקע נשמות! —

— כ'האָב נישט מורא פאַרן גוף,
כ'וואָלט אים אָפּגעגעבן, —
בין געגרייט אויף חברס רוף,
וואָס פאַרלאַנגט מיין לעבן!

— מענטשן וועלן ניט פאַרשטיין,
פון דיין גוטסקייט — לאַכן;
שטאַרבן ווילן העלדן שיין,
כאָטש עס שטיקט דער פּחד.

— כ'טראָג מיין לעבן נישט אין גאַס,
אויף באַלויכטע שילדן;
צוגעדריקט פון אייגן לאַסט,
אַלצדינג קוקט אויס מילדער.

— קוק, דער קעגנער דײַנער לאַכט,
גייט אַוועק אַ זיגער;
אויף די טרעפּ פון דײַן פאַרנאַכט
איז ער אויפגעשטיגן!

— פון אַ דעמאָן דײַנע רייד,
רײַצערײַ, און גאַליק;
ווער עס טרעט אויף מענטש מיט פרייד,
ווערט זײַן טרעפּ צעפאַלן! —

# קלאַנגען

דו אַליין שניצסט די פידל,
דו אַליין ברענגסט דעם קלאַנג.
פלאַצן סטרונעס אָן ווידוי,
אין געוויין פון געזאַנג.

און עס דאַכט דיר: די קלאַנגען
הילכן אָפּ פון דער ווייט,
כאָטש דו פילסט זייער ראַנגלען
אין דיין אייגענעם לייב.

דו אַליין ווערסט די פידל,
און די סטרונעס — דיין הויט —
שפּילן אויס דיינע לידער
טויזנט יאָר נאָך דיין טויט.

## וואָג־שאָל

אין אַ מיטן חלום
וועקט געשריי מיך אוף, —
וויגן זיך צוויי שאָלן,
דאָ — אַראָפּ, אַרוף.

גוטס — אַראָפּגעבויגן
נידעריק די שאָל.
שלעכטס — אַרופגעפלויגן
גרינג, ווי פּאָדים וואָל.

כ׳ווער פון פרייד צעטומלט,
גוטסקייט — האָט באַזיגט.
ווי אַ שלאַנג אַ קרומע,
וואָלן פּאָדים ליגט.

וואָל פון שלעכטס — אָט שלענגלט
וואַרים מיין געניק.
בין געבליבן הענגען
אויף דער ווייכער שטריק.

טרייסלען זיך די שאָלן —
איצט — שפּרינגט גוטס אַרוף.
שריי איך אויס אין חלום,
און איך וועק מיך אוף.

# דיין וואָרט

צו א. ליעסין

עס צייטיקט דיין וואָרט ווי תבואה,
וואָס רייסט זיך פון פאַרברוינטער הויט.
ווי קאָרן, אים ציט זיין טואונג,
שוין צייט פאַר אים צו ווערן ברויט!

דאָס ברויט פון אָרעמע טישן,
די שפייז מיטן שטענדיקן טעם, —
נאָר גומען דערפילט דערפרישונג,
פיל־טעמיק, ווי דער מדבר־מן.

דיין וואָרט האָט געבליט ווי תבואה,
געטרונקען דעם זאַפט פון דער ערד, —
און איצטער דאַרף ווערן מקוים,
וואָס וואָרט האָט אין טיפקייט געהערט.

עס שפּיצט זיך פון הויט דער יאָדער,
ווי אויג, וואָס דערוואַכט ערשטן מאָל;
דיין קאָרן־וואָרט זאָגט: איך פאָדער! —
און אַלע דערהערן זיין קול.

## אַמאָל...

דו קאָנסט אַמאָל דײַן אײנזאַם נישט פאַרטראָגן,
אין דײַן האַרצן — קאַלטע ווינטן יאָגן.

די געדאַנקען — פון די ווינטן שנעלער, —
צעשלאָגן זיך אָן מויערן, אָן שוועלן.

אַ געוויש — פון פאַרפרוירן וועש אויף פּלויטן,
און וואָס דו טראַכסט — איז וועגן טויטע. — —

דאַן ווילסטו ריידן, אַז נאָך אַ מענטש זאָל הערן,
ווילסט פרייד דערפילן פון געענטפערט ווערן.

קוקסט אין שפּיגל צום אייגענעם פּנים,
און קאָנסט דײַן געשטאַלט זיך דאָרט נישט דערמאָנען.

הויבן אָן ווערטער, אומזיניקע, קומען,
ווי ביי אַ שיכורן אויפן גומען;

די ווערטער קלאָגן פון ווינט געטראָגן,
ווי אין אַמאָליקן דור־הפּלגה, — —
נאָר נישט אַלע אינדערהויך קאָן מען זאָגן...

נעם איך נאָר די — מיט אַ ליבן מוסר, —
און לאָז זיי ריידן מיטן נביאס נוסח:
— היי, דו, נישט קלאָג,
— היי, דו, נישט וויין! —
דײַן ווייטיק טראָג
אַליין, אַליין.

# ביזן טויער

צום אָנדענק פון ב. וולאַדעק.

היינט מוז לעבן אויף דיר טרעטן,
ווען ס׳ווערט וועלט צעשטויבט אין רוי־ערד.
נישט מיט מאַמעדיקן גלעטן
וועט די נייע וועלט זיך בויען,
און זיך ווידער איבערקנעטן.
מיט פאַרטיליקטן באַדויער
מוז היינט לעבן אויף דיר טרעטן.

און עס וועט דיר ווי טאָן, ווי טאָן,
ווען די וועלט גייט דיך אַריבער.
ס׳שפּיצן זיך אויף דר׳ערד פאַרזייטע,
ווי מצבות שטיקער גלידער;
דו דאַרפסט זיין דער טרייער לייטער
פאַר די שטייגנדיקע ברידער,
כאָטש ביז שטאַרבן שניידט דער ווייטיק.

און צעבליען וועט זיך רויערד,
אָן די צייכן־טריט פון קין,
אָן אַכזריותדיקן לויער. —
דו — פאַרסאַרפעטער אין פייער,
וועסט ווי משה — בלויז ביז טויער
קומען צו דעם לאַנד דעם פרייען,
ווען צעבליט וועט זיין די רויערד...

## ס׳איז אַלעמענס די מאַמע ערד

וועז וואָרט ווערט אמת, און געשעט, —
דערפילסטו ליכטיקייט פון נס,
איז רייד — ניט מער אומזיסט געבעט,
און נישט צו גרויס איז קיין פאַרמעסט!

ס׳קאָן אַלץ געשעען, וואָס מענטש באַגערט,
און טואונג — הויבט זיך אויף צו טאַט.
ס׳איז אַלעמענס, די מאַמע ערד, —
און זי דאַרף יעדן מאַכן זאַט!

נאָר רייד, ווי ווילד־גראָז האָט פאַרפעסט
דעם ריינעם גאָרטן פון פאַרלאַנג,
און ווערטער־שטויב דעם מענטש צעפרעסט,
ווי חיה איר פאַרצוקט געפאַנג.

גערעכטיקייט — די וויסטע לאָם
פון אַלע ווערטער־סטאַדעס שאָף, —
איז מיט אַ שטעכיק פלויט פאַרצאַמט,
ווערט פאַר איר פיין־געשריי באַשטראָפט.

אין זומפּ פון ווערטער ליגט דער נס,
אַ צוגעשמידטער מיט זיין גוף.
ס׳וועט שטייגן העכער דער פאַרמעסט,
ווען ס׳וועט געצייטיקט זיין דער רוף!

# דער גאַסט

צו ד. טשאַרני

ס'יאָגט אַ ווינט פון דיינע פּאָלעס,
און עס שמעקט פון דיר מיט ווייטן, —
פרישער וואָרט, — נאָך מיט דעם שאָלעכטס,
מיט דער זונפאַרברענטער הייטל;

רייד — ווי מעל פון גאַנצן קאָרן,
מיט דעם בערשטלדיקן קלייען;
ערשט פון ערגיץ אָנגעפאָרן,
ביסט אין וואַנדערניש פאַרטאַיעט.

פרעמד און ליב איז דיין באַרירונג,
און אַ פריינדלעכקייט — אַ גרייטע;
וואַכע חושים שפּירן, שפּירן,
גאַנג — אַ שטייגיקער, — אויף לייטער!

ליבער פרעמדער, אַזאַ נאָענטקייט
דו צעשפּרייטסט דאָ מיט דיין קומען;
טראָגסט אין טראָט ביי דיר אַ יאָנטעף,
ווי ס'טראָגט יאַמשאָל — ים־געברומען.

פרייע שפּיגלען זיך די סטעפּעס
אין די אויגן דיינע בלויע;
פון דיין פרייד צעגייט ווי נעפּל
אויך מיין איינגעקנוילטער טרויער.

און דיין יאָנטעף — אַזוי שטראַליק,
גרייטסט פאַר גאַנצע וועלט דיין סעודה;
ביסט געקומען אויסצעשאַלן
רוף צום ווייטן, ווייטן ברודער!

ס'איז די זון מיר אויפגעגאַנגען
אין דער אַנדערשקייט אין דיינער;
מיינע ליכטיקסטע פאַרלאַנגען —
אין די אויגן דיינע שיינען!

# ע ר ד

צו מנחם באַריישאַ

וואָס דו טראַכסט און וואָס דו זאָגסט —
שטעל אַוועק אויף האַרטער ערד,
אויף די שאָלן פון איר וואָג,
צינגל — מינערט, צינגל — מערט.

און אומזיסט — פּאַרפּוצטע רייד.
ערד — וועט וועגן זייער מיין.
היינט — לאַכט טרויעריק די פרייד —
שלאָג דעם פעלז, און בלוט וועט גיין.

ס׳שרייט אויף לייב דאָס נייע קלייד;
יעדער מאָלצייט איז צו גוט.
פאַר דיין גרעסער ביסן ברויט
גייסטו אָפּ מיט חרפּה־בלוט.

מער נישטאָ פאַר דיר קיין וואַנט,
און ס׳צעפּאָלט פאַרצאַמטע היים;
ס׳שרייט דורך אייזן־ווענט די שאַנד,
ווער ס׳פאַרטורעמט זיך אַליין.

און דו לערן זיך פון ערד,
קוק אויף צינגל פון איר וואָג:
ערד — פאַר אַלעמען געבערט,
גליק, פאַר גאַנצער וועלט פאַרמאָגט.

# ס׳זאָל העלער לייכטן די זון!

ניט שטראָף מיך מיט מיין ווידוי,
ניט שפּיגל מיך אין מיין גאַל;
די פרייע רייד פון מרידה,
זיי האָבן מיך ניי באַשטראַלט.

די ביטערקייט, די האַרבע, —
ווי נישט געעפנטער כריין, —
זי מאַניעט צו פאַרדאַרבונג,
און איך — רעוואָלטיר, זאָג ניין!

דעם ניין אין לעצטער שיצונג, —
נישט ניין פאַר חברס געבעט, —
אין קראַטער־מויל פון בליצן
האָט מיך נסיון געגלעט.

און כ׳בין אַרויסגעקומען
פון דאָרט געלייטערט, — אימון;
געלוינט האָט זיך די טומאה,
ס׳זאָל העלער לייכטן די זון!

# אַ פּאַנצער

ווי אַן אָפּלייטער בין איך פֿאַר דיר
אין געפֿאַר פֿון אַ בליץ און אַ דונער;
אַלע קלעפּ שלאָגן אָפּ זיך אָן מיר,
אַלע קלעפּ, וואָס צו דיר ווילן קומען.

אפשר בין איך ניט שולדיק אַליין,
איך דערפֿיל נאָר אַ העכערן ווילן, —
אַ געבאָט איז פֿאַרזייט אין מיין ביין:
„אין געפֿאַר מיטן לעבן זיך שפּילן!" — — —

מיט געשריפֿט פֿון דעם בלענדיקן בליץ
איז פֿאַרשריבן זיגזאַגיש מיין גורל: —
דיינע נאָנטע פֿון אָפּגרונט באַשיץ,
כאָטש אַליין קענסטו ווערן פֿאַרלוירן!

מיט צעלעכערטע ווענט — מיין געצעלט,
ווי פֿון קריג — אַ געשטופּלטער פּאַנצער;
כ'האַלט מיין ברוסט אין געפֿאַר אויסגעשטעלט,
אַז נאָר דו זאָלסט פֿאַרבלייבן אינגאַנצן!

# יאַמען טריט

צעריסענע וואָלקנס, ווי הירשן־הערנער,
צעלעכערן מיין בלויען הימל;
פון ווינט — ווי לעשיקע לאַמטערנעס —
די שטערן מיינע אומרואיקע שווימען.

איך גיי אַרויס פון מיין אייגענער פעסטונג,
איך שעם זיך צו זיין אַליין אַ באַשיצטער;
איך האָב מיין גאָט פאַר אַלעמען געלעסטערט,
באַגלייט פון דונערן און בליצן.

צעגליט האָט אַ פרייד זיך, אַ ניי־אַנטפּלעקטע,
ביי די, וואָס האָבן נאָך קיינמאָל געשמייכלט,
ווי ס׳וואָלט מיין לעסטערונג פּלוצלונג דערוועקט זיי,
און אויך געהאָלפן זייער פרייד דערגרייכן.

איך ווער אַ באַרוישטער, און איבערוועלטיקט,
וואָס מענטשלעך פרייד גיסט זיך אויף אינאיינעם;
ווען טויזנטער טריט, פון זון צעהעלטע,
צעריידן זיך פּלוצלונג מיט שטומע שטיינער.

ברענט אויף אַ דורשטיקייט צו גיין צוזאַמען,
ווען ימ׳ען טריט ווערן אויפגעגאָסן;
מיט אייגענער האַנט רייסטו אויף די צאַמען,
וואָס האָבן געהאַלטן דיך פאַרשלאָסן.

# אין לייבן־גרוב

צו ה. לייוויק

אין ווילדעניש — אַ מענטשנס טראָט,
עקרה־לאַנד — גיב פרוכטיקייט.
מיט שווייס — פאַרלעש דעם דזשאָנגל־זאָט,
דערקען אין זונראָד — שליאַך פון צייט.

ווי אורמענטש — אין פאַרצווייגטן וואַלד, —
מיט גוף ברעך דורך דעם ערשטן שטעג.
אין אָפגרונט — שפּיגל דיין געשטאַלט,
אין לעמפּערט — מענטשלעכקייט אַנטפּלעק!

רופט גיאַנאַ — דרום־וויסטעניי,
רופט טאַנגאַנאַיקאַ — דזשאָנגל־לאַנד.
דיין אייגן שרעק אין זיך פאַרשריי,
זיי וואַרטןביידע אויף דיין האַנט.

פאַרלוירענער, נישט זאַם, און גיי,
און יעדע גאָב — פאַר גוט נעם אָן.
דיין זאָמען אויף דער וועלט פאַרזיי,
דיין בלוט — אין ווילדעניש צעשטראָם!

פאַרזיי דיין זאָמען מער, און מער,
דאָס ייִד־געפלאַנץ — מיט האַרבן טעם.
דו נעמסט־זיך־צו אויף יעדער ערד,
באַקלעטערסט יעדן שטיינער־צאָם.

נישט צערטלען דאַרף מען דיינס אַ בייט,
דיין בליאונג „יעט” מען נישט, — מען פליקט;
דו ביסט צעפּייניקט אינגעווייד,
וואו ס׳יערט דאָס ברידערלעכע גליק.

גאָטס לוחות ברעכן דיין געניק,
לא תרצח! — שרייט פון זיי אַרויס.
און ס׳פלאַקערט געצנדינערס קריג,
וואָס האַלט זיין שווערד פאַר דיר אַנטבלויזט.

ס׳פאַלט רשעס בייזקייט אויף דיר בלינד,
ער פרעסט דיך ווי אַ רויע שפּייז;
דו ביסט דעם צדיקס קריפּל־קינד,
דיין וואונד — צו מצוות מאָנט, און בייסט...

אָ, זאָג נישט אָפּ דעם צדיקס גוטס,
פאַר ליב נעם אָן זיין לייבן־גרוב.
דיין לייב פאַרמאָגט אַ בלינדע שוץ,
וואָס צאַמט דער חיהס ווילדן צופּ...

אַ רגע — רו פאַר דיין געביין,
דו, אויסגעוואָרצלטער אָן לאַנד, —
אין טאַנגאַנאַיקאַ לאָז זיך גיין,
צו גיאַנאַ — שפּרייט דיין קאַראַוואַן!

## טורעם

איך בין אין גאָט אַריינגעלעבט,
איך בין פון גאָט אַרויסגעטאָן;
מיט אים — ווען כ׳שטייג אויף מיילן טרעפ,
פון אים — ווען כ׳גרייך זיין פוסטן טראָן.

איך וויל נישט זען זיין פריען טויט,
בלויז וואָרט דאַרף שטאַרבן אין זיין צייט — —
האָב טורעם לופטיקן געבויט,
אויף אים צו קוקן פון דער ווייט.

פאַרשווינד נישט, גאָט, פון אונדזער ערד,
כאָטש דו ביסט אָפט אַ שטרויכל־שטיין;
דאָס האָבן מיר דיך אויסגעקלערט,
צו קאָנען גלויבן זיך אַליין.

## וואונדער

די וואונדער, — וואָס דו זעסט, —
פאַרפלאַנץ זיי אין דיין ערד.
זאָל בליען דאָ דער נס,
וואָס ערד און רוים געבערט.

נישטאָ קיין אונטערשייד
פוןביידע וועלטן מער;
ס'איז אויך אויף דר'ערד פאַרזייט
דער נס פון בלויער ספער.

און כוחות אויפגעוועקט —
ווי זאָמען גייען אוף;
ס'וויל ווערן נס אַנטפלעקט,
און וואַרט אויף מענטשנס רוף.

צו וואָס דאָס רייסן זיך
צום וואונדער אין דעם רוים? —
עס בלייבט אויף דרערד דאָס ליכט
פון גאָטס צעשטראַלטער קרוין.

## טראָט פון דיין פאָלק

אין דעם קרייז פון די טריט,
וואו דיין לעבן גייט אום,
האָסט אַ פלעמל געהיט
ווי אַן אייגענע זון.

נישט פון רעגן און ווינט
ווערט דאָס פייער פאַרצערט.
און דיין לעבן באַגינט,
כאָטש עס ליגט אונטער שווערד.

און דער פייער צעפרעסט
אויף די וועגן דיין נאַכט.
ווייטע העלקייט דערזעסט —
נאָך אַ פלעמל דערוואַכט.

ווען דיין פייער קומט אום,
זאָלסט נישט בלייבן אַליין.
מיט דיין פלעמל, ווי זון,
זע איך שטענדיק דיך גיין.

כאָטש דו שמייכלסט פאַרווירט,
בלייבט דיין גלויבן געשטאַלט;
ווי עס וואָלט דיך געפירט
וואַכער טראָט פון דיין פאָלק.

# מײַן שטאַם

כ'יאָג דעם רויך פֿון שווערן חשד,
און כ'פֿאַרשליס פֿאַר אים מײַן ברעם;
נײַן, דו כאָוועסט נישט פֿאַראַט,
כ'וואָלט עס אין דײַן בליק דערזען! —

האָסט צעמאָלן זיך אַליין,
און אַ פֿערטל פֿון מײַן שטאַם,
אַז פֿון פֿרישן שטאַרקן לײַם
זאָל זיך בויען נײַע לאַנד.

ס'איז די נאָפּל־וואונד נאָך רוי,
ס'פֿיבערט נאָך דער יונגער גוף,
אין דעם נײַעם איבערבוי
איז מײַן בלוט אויך אויסגעפּרופֿט.

כאָטש עס ווייטיקט נאָך דער גלעט,
אָבער כ'גלויב דער מאַמעס האַנט.
כ'ווער נישט אויף דײַן ערד פֿאַרשפּעט,
ס'בריט מיך נישט די חרפּה־בראַנד.

אַלע פֿעלקער אין איין בוים —
אײַנגעוואָרצלט און פֿאַרצווײַגט;
ווער שפּרייט וואָלקנס אויף מײַן היים? —
שטילער, בײזע צינגער, שווײַגט!

אין מײַן הייסן שטראָם פֿון בלוט,
אין געצאַמטן האַרצן־שלאָג,
האָב איך אָנגעשטאָלט מײַן מוט
דיר צו זאָגן, וואָס איך זאָג.

כ׳ווייס, אויף פייער טרעט מיין טראָט,
אָפּגרונט שלעפּט מיך צו דער דנאָ,
שפּיגלט אָפּ מיין אויסגעראָט,
מאָלט פֿאַר מיר מיין לעצטע שעה.

נאָר איך גלויב מיין בלוט־געשטראָם,
נישט פֿאַרלענדונג אין אים גליט;
און מיין שטאַם הויבט ערשט נאָך אָן,
אויף דעם שונאס כרת־שניט.

# דער פּאַטום

שוין ווידער געוויין פון גראַנאַטן,
געיאָגט פון פאַרצווייפלטע הענט;
געבויגענער בלאָנדזשעט דער פּאַטום
אויף אייגענעם שאָטן געלענט.

דער פּאַטום — אַ גייסט פיל־געשטאַלטיק,
אין אַלעמענס האַרץ דרינגט אַריין;
ער ליידט, ווען די וועלט ווערט פאַרגוואַלטיקט,
און ווייל — עס קאָן אַנדערש ניט זיין.

מיר שפּילן זיך אַלערליי שפּילן,
נאָך קינדווייז, און עלטערערהייט;
מיר טוען נאָך עמיצנס ווילן
אין לעצטן ספּעקטאַקל, דעם טויט.

נאָר ווען דאָס געוויין פון גראַנאַטן
די רו און די שטילקייט צעפּליקט, —
איז נישט אומפאַרמיידלעכער פּאַטום, —
מיר גייען אַליין דאָך אין קריג!

מיר גראָבן אין דר'ערד זיך ווי חיות,
און ליגן — די צייט פון באַפאַל;
דעם מענטשלעכן פּנים פאַרשפּייען,
און ס'פּירט אונדז געזעץ פון שאַקאַל.

ס'איז צופאַל, ווען איך בין געקומען,
ס'איז צופאַל, ווען איך גיי אַוועק;
אַליין זיך צו שענקען דער טומאה,
ניין, דאָס איז מיין אייגענער פלעק!

מיר שטומען ביים מויל פונם קראַטער,
וואָס וויל אונדז פאַרשלינגען אין זיך;
באַזיגטע פון אייביקן פּאַטום,
וואָס תמיד יאָגט אָן אומגעריכט.

ס׳מוז שטאַרבן דער מענטש און די חיה, —
פאַרביידן קיין אויסוועג נישטאָ;
נאָר מענטש ווייס דעם סוד פון באַפרייאונג,
איז האַר פון זיין איינציקער שעה! —

די שעה, אין רשות פון די מענטשן,
אין חלום פון פרייהייט צעבליט.
איר שיין האָט פון אייביק געבלענדט שוין,
זינט וועלט האָט געשטעלט אירע טריט.

נאָר דו, וואָס דו יאָגסט די גראַנאַטן,
אָ, ברודער, האַלט אָפּ, דאָס בין איך! —
די ליבשאַפט, ווי פאָן אויף אונדז פלאַטערט,
פאַרלעש ניט איר לעבעדיק ליכט!

## המון און פאָלק

נישט המון — דאָס ליבע פאָלק —
וואָס ציט מיין אויער צו:
וואָרט — איז זילבער, שווייגן — גאָלד,
המון — פאַראַכט די רו.

אויסגעשוויגן וואָרט אויף ליפּ —
זיין אייגן קול דערהערט;
פאָלק — ווי נאָפּל אַלץ פאַרקניפּט,
המון — ווי פלאָם צעשטערט.

פונק — אין ווילדן ווינט־רשות —
איז ווילן פון המון,
שטן צינדט אין אים זיין גלוסט;
און פאָלק — שווייגט קלוג ווי שטיין.

## צוויי וועגענער

צוויי וועגענער קרייצן דעם אָפּענעם שליאַך,
מיט באַזונדערע משא׳ס באַלאָדן.
ס׳האָט איינער אַ שטויב מיט די רעדער געבראַכט,
און דער צווייטער — געשניטן דעם באָדן.

פאַרבייגייער האָבן מיט בליק זיי באַגלייט,
יעדער איינער געהאַט וואָס צו זאָגן:
— זע, זונפּונקטן גליען אין שטויבן צעשפּרייט,
— זע, די גריבער פון אַנדערן וואָגן!

געוויס האָבן אַנדערש געדאַרפט זיין די טריט,
ווען זיי זיינען דעם שליאַך־וועג געגאַנגען, —
איין וואָגן — אַ שטרויבאַרג פון זוניקן שניט,
און דער צווייטער — מיט שטאָלענע שטאַנגען.

דאָס שטרוי האָט אַ דאָרפישן שטעלכל פאַרדעקט,
און פאַרשוואונדן די זוניקע שטויבן, —
ס׳האָט איבערן טייך, אויפן פעלדיקן וועג,
פון די שטאַנגען אַ בריק זיך געהויבן.

# אין אַ שנייאיקער נאַכט

גאַסן ליגן באַגלאָזט
אין געשליפענעם אייז.
ס׳פלעמלט בלוילעכער פראָסט,
מיט די צינגעלעך בייסט.

ס׳יאָגט פון פּנים אַ רויך,
ווי דיין גוף וואָלט געברענט.
די צעשטערנטע הייך
שוועבט אויף דיר אָנגעלענט.

רירט דיך ווייטעניש אָן,
קאַלטע בלענדעניש בליט.
לופט — באַרוישט, לופט — דערמאָנט,
און די פראָסטיקייט ציט.

פידלט פראָסט אונטער שוך
דין־געצערטלטע רייד;
ליפּ צעפלאַמטע — פאַרזוכט
שפּריצלעך אייז אָנגעווייט.

אַלץ אין שניי איינגעדעקט,
דאָרפיש דרעמלט די שטאָט.
ס׳רופט דיך אייגענער שטעג,
וואָס עס שניידט אויס דיין טראָט.

שפּעטע נאַכט — דו ווילסט זיין
איינאונאיינציקער וואַך.
שניי — האָט אייגענעם שיין,
שניי — צעבערגלט די פלאַך.

ווינט — צעקאַמט דיין געמיט,
גייסט אויף קישנס פון פרייד,
און דיין האָפענונג פליט
ווי אויף פויגל צעשפרייט.

און מיט בליאונג פאַרשמעקט
קווייטיק־שפּרייטיקער פּראָסט, —
נאָר ווי הונט מיך באַלעקט
אויפגעפּראַלטער פאַרדראָס.

אויף שפּאַציר מיך דעריאָגט,
און עס ווערגט מיר זיין כעס;
אויף אים קלעטערט דער טאָג
מיט זיין האָרביקער לאַסט.

און ער רופט מיך צוריק,
און פאַרצאַמט מיר דעם וועג;
פאַרדראָס — וויל ניט קיין גליק
אין די היינטיקע טעג.

אין זיין האַנט — פולער קויש
שוואַרצע זאָרגן ווי פעך:
— זע, אויף האַרטן גערויש
שלאָפן היינטיקע נעכט. — —

און מיין פרייד שרומפיקט איין
אין אַ קראָט איינגעקנוילט,
און אין שנייאיקן שיין
טונקלט באַרגיקער גרויל.

ווערט מיר ענג ווייסע שטרעק,
יאָמערט שטילקייט פון חצות;
שרייט דאָס שריפט אויפן שטעג,
יעדער פוסטראָט — אַן אות.

און צעשטרייט — הין־צוריק —
טרעטסטו שנייאיקן וועג,
און עס קרייצן זיך טריט
וויזאַווי — אין געשלעג.

אויפן שניי שרייבסטו אויס
די מגילה פון הײַנט.
ס׳ביילט אין וואָרט זיך דיין פויסט, —
אַ פאַרמעסט צו די פיינט.

ווי אַ פרעג־צייכן ליגט
דיין געשטעמפּלטער טראָט.
קיינער ענטפערט צוריק,
דאָרפיש דרעמלט די שטאָט.

## ווייסער שליאַך

אַלץ ווייס, און ווייס, און ווייס אַרום,
די ליכטיקייט טוט וויי.
ס'דערמאָנט מיך אַלע מאָל אָן זון,
די ווייסקייט פון דעם שניי.

פאַרמאַך די אויגן דיינע שטייף,
די ליכטיקייט צעבליט.
אויף שטאַנג שפּילט פראָסט זיין דראָטן־פייף,
געררייד — פון ווייסע טריט.

מיט בלויקייט רויכלט ווייסער שליאַך
די לופט — מיט זון פאַרשמעקט.
כאָטש טאָג האָט נאָך ניט אויפגעוואַכט
מיט שטראַלנדיקן וועג.

און יעדע פאַרב וועקט נייעם שפּיל,
קאָליר־קאָנטראַסט דערמאָנט.
דו זעסט, — פון שוואַרצן נאַכט־פאַרהיל
ווינקט רויטער האָריזאָנט!

# אַ רעגן־שטורעם אין שטאָט

מיטן־נאַכט. אַ לאַנגער בייטשנדיקער רעגן
אויף דעם נאָכגעלאָזטן גוף פון דער ערד,
איר פלאַך — ווי פון מורא פאַר די פייפנדיקע שמיץ, —
איז געוואָרן אַלץ נידעריקער, נידעריקער און פלאַכער,
אַזוי־אַרום אויסצומיידן ווייטיק...
נאָר די רעגן־בייטשן יאָגן שטאַרקער אין דעם ווינט;
פריער גלייכע, און פלוצלונג — אין רויטן לאַמטערן־שיין —
ווי אויסגעבויגטע לאַנגע בליצן גאַרטלען ליכטיקע אַרום
די הויכע געביידעס, מויערן, און נידעריקע הייזלעך,
ווי די רוקנס פון נאָכגעביקע קערפערס...
און פון דעכער, געזימסן און באַלקאָנען,
גיסן זיך פלוצלונג אַריבער פלייצנדיקע שטראָמען,
פון פענצטער־ברעגן, ווי פון בעקנס, —
ווי הויכער, פאַרצווייפלטער געיאָמער
פון פאַרלוירענע, געפייניקטע לייבער.

ליידיקע גאַסן קוקן מיט פינצטערע,
נאַסע און צוגעמאַכטע פענצטער־אויגן.
הענגענדיקע שילדן לאָזן זיך מיט געשריי אויף גאַסן.
שטייגיקער געוואָי פון ווינטיקע רעגן־בייטשן
פאַרשרייט דאָס פאַרצווייפלט געריי
פון די לויזע, ציינקלאַפּיקע שויבן.
פאַרטויבט דעם אומרו־אָטעם פון די שלאָפנדיקע מענטשן
אין די טרוקענע פינצטערע קאַמערן.

יאָמערדיקער, פינצטערער קלאָגן — אויף האַרטע טראָטואַרן,
דאָרט, וואו עס הענגען די רויטע עלעקטריק־פייערן —
יאָגן זיך די רעגן־שטראָמען באַלויכטענע,
ווי דאָס אָפּגערונען וואַסער
פון אַ פּריש־פאַרלאָשענער שריפה־חורבה,
וואו ס׳צינגלען זיך נאָך העלע פלאַמען אין די געהילצן...
דאָס רויטקייט פון די באַלויכטענע רעגן־שטראָמען —
ווערט אין דער קאַנאַלן־טיפקייט פאַרבלאָסטער,
ווי נאָר־וואָס פאַרגאָסן בלוט דורך וואַסערן געשווענקט.
אָפּילו די היימלאָזסטע — געפינען טרוקענע נאָרעס
צו באַהאַלטן דערווייל זייערע פייכטע קערפּערס,
ביז דער רעגן־שטורעם וועט אַריבער.

## מײַן ייִדישע שפּראַך

נישטאָ אין מײַן ייִדישער שפּראַך
קיין איין וואָרט קיין מיאוסער,
וואָס דאַרף פֿון מיר ווערן פֿאַרלאַכט,
כ׳זאָל מײַן ליד פֿאַר אים פֿאַרשליסן.

נישטאָ אין מײַן ייִדישער שפּראַך
קיין פֿאַרעלטערט וואָרט, אַ טויטער,
וואָס זאָל ווידער נישט ווערן דערוואַכט,
און מײַן ליד דערנאָך באַגלייטן.

כ׳האָב ליב יעדן וואָרט אין מײַן שפּראַך,
פֿון פּאַלאַצן און פֿון קעלער, —
פֿאַר יעדערן בוי איך זײַן דאַך,
און לאָז אָפֿן מײַנע שוועלן.

אַמיינסט, — קומט דאָס היימלאָזע וואָרט
אויף דעם שוועל פֿון ליד צו ליגן,
פֿאַרשטויבט, — פֿון פֿאַרצווייפֿלונג געהאָרבט, —
קומט זײַן חלום דאָ פֿאַרוויגן.

## געטריי ווי ערד

וועסט הײנט ניט ריידן, פרעגן,
הײנט זײ אַ הערער בלויז,
ווי ערד הערט קלאָג פון רעגן,
ווען הימל וויינט זיך אויס.

זי הערט מיט אַלע גלידער,
נעמט קלאָג אין זיך אַריין;
ביז הימל בלויט אויף ווידער
מיט אויפגעגליטן שיין.

אויך ערד־פאַרשטיינטע גרודע
ווערט ווייך פון הימל־טרער, —
דו זײ מיר אַזאַ ברודער,
אַזוי געטריי ווי ערד.

פון טיפעניש וועל ריידן,
און דו — זאָלסט הערן בלויז,
וועט קלאָרע רו, אויף ביידן,
ווי העלע זון אַרויס.

# אַ הימן צום קינד

די קינדערשע הערצער דערפֿריי,
װעט פֿריידיק און יונג זיין די װעלט.
זאָל הילכן געזאַנג ביים פֿאַרזיי,
װעט כװאַליען זיך זאַנגיקע פֿעלד.

דעם פֿײַנלעכן קינדער־געװיין —
פֿאַרמינדער, פֿאַרלינדער מיט פֿרייד.
פֿון קינד — לערנט װעלט צו זיין ריין,
אין קינדערשן זכות, — װאָס זי שטייט!

די יוגנט, דאָס בליאונג, דאָס גרין, —
באַװעגן די װעלט אין איר גאַנג.
דער אייביקער חלום צערינט
אַן קלאַנגען פֿון קינדער־געזאַנג.

## אַ וואָלף

— אָ, פּאָפּ, אַ וואָלף אויף קאָלדרע קריכט,
אַוועק פון מיר, אַוועק!
— שלאָף איין, מיין קינדעלע, ס׳בין איך,
האָב ווארעמער דיך צוגעדעקט.

— דער וואָלף — מיין האַנט אַריינגעכאַפּט,
און שלעפּט מיך אין זיין הייל;
— שלאָף, קינדעלע, ס׳בין איך, דיין פּאַפּ,
וואָס האָב פון וואָלף דערציילט.

— מיך שטעכן זיינע האַרטע האָר,
ער פליקט מיך מיט די ציין! —
— אַ וואָלף נאָר בייסט זיך אויפן וואָר,
נישט חלום־וואָלף, — אָ, ניין!

— ווי נאָדלען שטעכן זיי מיין האַלדז,
וואָלף קריכט אין מיר אַריין! —
— ס׳איז מיינע האָר אין חלום האַלטסט,
דו לאָזט מיין קאָפּ נישט איין!

— אָט איז ער!... כאָטש איך שלאָף נישט לאַנג,
פאַלט ווידער אויף מיר אָן;
— כ׳האָב וואָלף גענומען אין געפאַנג,
ער קאָן מער גאַרנישט טאָן!

אַליין האָב איך אים אויסגעטראַכט,
און כ׳בין זיין באַלעבאָס;
שלאָף רואיק... כ׳האָב זיין שטייג פאַרמאַכט
מיט גרויסן, שטאַרקן שלאָס!

## די פרומע קאַץ

מיט גוטסקייט דיינע ליפּן טריפן,
ווי ס'וואָלט קיין זינד דיין שוועל באַטראָטן;
פאַראַנקערסט זיכער דיינע שיפן,
ביי דיר אין לאַנד — ניטאָ קיין שאָטן!

נאָר ס'צאַנקט דיין פלעמלדיקער גלויבן,
ווייל וואָר — לייכט טונקעלער פון חלום;
דיין הויכער ריידן, — ווי פאַר טויבע, —
מיט פאַרבן שרייאיקע באַמאָלן.

און ס'קומט קיין טרייסטונג פון דיין גומען
פאַר זעגלען ווינטיקע, וואָס בלאָנדזשען, —
באַלעקסט זיך ווי אַ קאַץ אַ פרומע,
עס זאָל איר שאָדן זיך נישט אָנזען!

## דיין ברויט

ווען ס׳גרינט דער שימל־סם,
און ס׳ווערימט שוין דיין ברויט, —
ווערט פרייגעביק דיין האַנט,
און ביסט צעטיילן גרייט.

און ווער עס נעמט דיין גאָב, —
פון הונגער־פלאָם פאַרבלענדט, —
דערשלינגט אין קעל אַראָפּ
דעם סם פון דיינע הענט.

און אויף זיין גסיסה־בעט
נאָך פון דיין גוטסקייט טראַכט;
ער ווייס נישט, אַז די זעט
דעם טויט האָט אים געבראַכט.

## אונדזער דאָן זשואַן

צו דעם, — וואָס קוקט אַרוף צו דאָן זשואַנען, —
אויף זיינע ליבעס וואָלט ער זיין אַ בעלן...
אים ווילט זיך זאָגן: זיי אים נישט מקנא,
דו וואָלסט נישט וועלן זיין ווי ער געפאַלן!...

ער טראָגט מיט שטאָלץ דעם גרויסן נאָמען זיגער, —
נאָר — בלינדער שקלאַף איז ער צו יעדער איינער;
צעררייצטער באָק — פאַרקליידט אין פעל פון טיגער, —
ער בייסט זיין רויב, ווייל ס׳קריכט אים אין די ציינער...

געררויש פון קלייד וועט גרויסן העלד פאַרטשאַדען,
אויף פרויען־הערצער — נישט קיין איבערקלייבער...
ער איז געשלעכט אין אויפגערייצטער סטאַדיע, —
ער איז די פלוי וואָס לאָזט זיך נישט פאַרטרייבן...

## רעמבראַנדט

די ליכט־ און שאָטן־פאַרבן פון רעמבראַנדט,
די שטיל־ פאַרצערנדיקע פלאַמען, —
ווי כוואַליעס נורען זיך אין ברעג געצאַמט,
און זיינען שטאַרקער פון די צאַמער.

ס'ווערט יעדער ניי־געבורט אַדורכגעהעלט
מיט ערשטער, ליכטיקער באַרירונג;
ווי קינד, אין מוטערס בויך, גייט דורך די וועלט
דעם סאַמע אָנהויב פון יצירה.

ווי פרישע ערד — זיין טונקל־שוואַרצער גרונט,
אַ שטראַליקייט שפּאַרט דורך זיין לייוונט.
אויף פּרויען־לייב האָט ליכט אַרויסגעזונט,
און ס'אָטעמט געלייטערטע תאווה.

זיין פאַרב פאַראייביקטער, — אויף לייוונט שפּילט,
און וואַלקנדלעך — אין ליכט זיך יאָגן;
די גרויע וואָר אין שיינקייט איינגעהילט,
און חלום, — פון אייביקן טאָגן.

## ווּי לייכט-טורעם

אָס העלע ליכט אָן שטערן ברענגט אומהיימלעכקייט ביינאַכט...
די וואונד פון אָפּגעזעגטן צווייג—די גייערס בליקן וועקט;
עס שטייגט אַרויס, ווי אומגעריכטער באַרג אויף ברייטער פלאַך,
דיין יאָרצייט־טאָג — אַן אָפּגעצייכנטער פון אַלע טעג.

באָר וואָסער מענטש קאָן אומשפּאַנען אָן זאָרג אין זיינע טריט?
און ווער קאָן פייערן זיין שעה אָן ביטערקייט? —
אויף אָפּגעזעגטן צווייג האָט אַנדערער שוין אויפגעבליט,
ווי לייכט־טורעם—דיין יאָרצייט־טאָג—ער מאַניעט מיך פון ווייט!

## פֿאַרלויב נישט...

פֿאַרלויב נישט אַזוי דעם גערעכטן,
דורך לויב ווערט דער אמת פֿאַרשוועכט;
באַגלייט נישט מיט שטילן געלעכטער
דעם מענטש, אונטער לאַסט פֿון פֿאַרברעך!

פֿאַרפֿייניקטן לייב זאָלסט נישט טרויען
דער שוימיקער כוואַליע פֿון ים;
מיט שענסטע געמעלן דער טויער —
נאָר נאַקעט — אויף יענער זייט צאַם!

און בלויז מוכאַמאָרן*) פֿילפֿאַרביק,
פֿאַרבלענדן באַדאָרנטן פֿעלד;
אין האַרץ — פֿולע נעסטן פֿאַרדאַרבונג,
פֿאַרבאָרגן געבריט פֿאַר דער וועלט!

---

*) אַ גיפֿטיקע בלומען־שוואומען און פֿליגן־נעסט.

# אַ גוטע פריינטשאַפט

אַ גוטע פריינטשאַפט, אַ פּאַרזייטע,
דאַרף אויך אויפגיין און צעבליען, —
זיין איינגעשמידט אין ווינטערס קייטן,
ווי די מעריב קאָרן־זריעה.

אַ גוטע פריינטשאַפט צו דערוואַכן, —
זון דאַרף האָבן, חושך, רעגן;
די פרייד פון רו, די זאָרג פון פּחד,
קריץ פון הונגעריקע נעגל.

אין דעם געמיש פון אַלע שטאָפן,
רירט, גייט אויף דער פריינטשאַפט־צויבער;
ס'וועט דונערהילך פון קאַטאַסטראָפע
אַזאַ נאָענטקייט נישט פאַרטויבן! —

## זיין וועג

זיין וועג — זיגזאַג און שווערער, —
דער וועג, וואָס ער מוז גיין;
געוויין — פאַרשטיקט, אָן טרערן, —
איז פיינלעכסטער געוויין!

זיין צונג פאַרדריקט צום גומען,
ווי צו אַ תפיסה־וואַנט. —
אים ציט געריד פון שטומע,
דורך צייכנס פון דער האַנט...

באַוועג פון שפּיצן־פינגער,
ווי פּיילן — אין דער וויט;
אָן ווערטערדיקער זינגען —
ביים האַרצן מאָדנע שניידט!

## צו לעבן לאַנג...

צו לעבן לאַנג בין איך געבוירן,
כאָטש אָפט געראַנגלט זיך מיט טויט;
און שטאַרב איך — גיי איך נישט פאַרלוירן,
ווי טעם פון אויפגעגעסן ברויט.

איך וועל פאַרטייען זיך אין לעבן,
ווי טוי — אין בעכערל פון קווייט;
מיין וואָרט, פון ווידוי און פאַרגעבונג,
וועט ניט פאַרשטומען נאָכן טויט.

עס וועט ווי גילגול וואָגלען תמיד,
צו יעדן ניי־געבוירן גוף;
און ס׳וועט אַ גלי־טאָן מיין נשמה,
דערהערנדיק מיין אייגן רוף...

## צו איינעם...

איך רוף דיך נישט ביים נאָמען אָן,
דו וועסט דערקאָנען זיך סיי־ווי;
עס וועט דיר דורך אַ ציטער־שטראָם
דערהערנדיק די ווערטער די.

אַפילו אויך פאַרשטעלטערהייד
וועל איך נישט מאָלן דיין געשטאַלט,
נאָר יעדער וואָרט פון מיינע רייד —
דיין לייב ווי קאַלטער שווייס באַפאַלט.

איך טראָג קיין האַס אויף דיר ניט אום,
נישט גוטס, ניט שלעכטס האָסט מיר געבראַכט;
דיין ביטערקייט, ווי פון אַ מום,
האָט תמיד צווישן אונדז געוואַכט.

ווי מיט פאַרפוילטן זריעה־זאָם
אָן ליבשאַפט האָסט דיין וואָרט פאַרזייט,
וואָס קומט ניט מיט קיין בשורות אָן, —
קאָמצאָנעסדיק פאַרלעבסט דיין פרייד.

איך רייד בכיוון מיינע רייד,
זיי זאָלן ווי דער האַרבער פראָסט
פאַרסאַרפען דיין פאַרזייטן בייט,
וואו קיינער ווערט נישט צוגעלאָזט.

# אַ מעשהלע פון שטאָט

— צו ש. ניגער

פאַראַן אַ מענטש אין שטאָט,
(איז אויף דער וואָר פאַראַן),
פאַמעלעך איז זיין טראָט,
און שטיל, און שמאָל זיין שפּאַן.

און ווען עס זעט אים ווער,
איז גלייך ווי נישט געזען.
זיין אָרט ווערט פּלוצלונג לער,
ווי ס'וואָלט אַ בלענד געווען.

גיט ווער אַ טראַכט אַ וויילע:
אַ פּנים — ווי אַ האַרף; —
נאָר ס'יאָגט און יאָגט געאייל,
אים ווייטער נאָך פאַרוואַרפט.

געשלעפּט אין אַרבעט־צייט
פאַר קראָמען שווערע פּעק.
אַליין — אַ פּאַק פון ווייט —
געשפּאַנט האָט ער זיין וועג.

געזעל און באַלעבאָס —
ס'האָט קיינער אים געפרעגט,
וואוהין ער גייט און וואָס
ער טוט אין לערע טעג.

די משא נישט געפילט
אויף ביינערדיקן לייב.
אין אויג האָט זיך געשפּילט
אַן אויסגעשפּרייטע ווייט.

אַ שטילער מענטש, ער גייט
מיט אַלע און אַליין, —
ווי ס'וואָלט זיין טראָט פאַרזייט
די שטילקייט אויפן שטיין.

נאָר איבערשרייען שטאָט
מיט שטילקייט — איז צו שווער;
דאָך סוידעט ער זיין סוד
אַריין אין שטאָטס געהער.

אַ טויב אַרויסגעשיקט
אין מבולדיקער הויל,
די טויב וועט קומען קריק
מיט גרינעם בלאַט אין מויל.

ער גלויבט אין אַלץ, און פּרואווט,
און רעדט וואָס שטיל אַריין, —
ווייל אַלץ קאָן ווערן גוף,
ווייל אַלץ קאָן עפּעס זיין.

פון איטלעכן באַוועג,
פון בלינדן שטויס אין לופט, —
אַ ברעג זוכט אויף אַ ברעג,
עס ענטפערט אָפּ אַ רוף. —

איז גייט ער זיך און גייט
אין שטאָטיקן געשטויס,
און וואו אַ מחנה שטייט,
איז דאָרטן וואַקסט ער אויס.

ניט אַלע מאָל געשלעג
און בראָך יאָגט מענטשן אויף, —
המון ווערט אויפגעוועקט
פון מינדסטן גאַסן־רוף.

אַ העלפאַנט — אויפן גאַס,
אין רוים — אַן עראָפּלאַן,
אַ פערד פאַלט אונטער לאַסט,
אַלץ האַלט המון געשפאַנט.

פאַרקויפערס אַלערליי
פאַרזאַמלען אָפּט אַ ראָד,
און עקסטראַס־אויסגעשריי
צערייסט די לופט פון שטאָט.

אָט שטייט ווער אויף אַ ראָג,
און מעסערלעך פאַרקויפט:
— ס׳האָט לינקאָלן געזאָגט,
„אַז בלויז אַ קנעכט אַנטלויפט" —

אַנטלויפט ניט שטאָלצע פריינט,
אַ מעסערל נעמט מיט;
און קויפן מוזט איר היינט,
ווייל מאָרגן קריגט איר ניט! —

די כלומרשטיקע רייד
פון לינקאָלן געבראַכט, —
זיי צינדן אָן ווי קנויט
די פונקען פון פאַרדאַכט.

און דער פאַרקויפער רעדט,
און רעדט מיט זיינע הענט, —
נאָר עולם — פון אים שפּעט,
און לאָזט אים שטיין פאַרשעמט.

דאָ קומט דער מענטש צוגיין,
באַלאָדט מיט זיינע פּעק, —
ער קויפט... און ס׳קויפט המון
די מעסערלעך אַוועק! —

פאַרקויפער בלייבט צעמישט,
ס׳איז עפּעס דאָ געשען? —
נאָר יענער זעט זיך נישט,
ווי גאָרנישט־ניט געוועזן.

גערטאָן אַ קליינע זאַך,
וואָס קען שוין קלענער זיין ? —
המון האָט אים פאַרלאַכט,
און איצט — המונס אַ פריינט !

דער שטילער מישט זיך אויס
אין שוואַרצן מענטשן־שטראָם.
מיט איין פאַרלאַנג פאָראויס,
איין אַרבעט אים דערמאָנט.

אין אָרעמסטן קוואַרטאַל,
אין דעם פאַבריקן־נעסט,
וואו קוימען־טרובע שאַלט,
און רויך — דעם הימל פרעסט.

דאָרט לעשט ער זיינע טעג
דאָרט וואַכט ער זיינע נעכט,
זיך ווי באַגין געוועקט
אין נאַכטיק־שוואַרצן פעד.

ער זעט ווי שטאָט דערוואַכט
פון נעפל אויסגעשיילט,
ווי שטיקער שוואַרצע נאַכט
נאָך זוכן וואו אַ הייל.

דערקענט אין רויך־געקנויל
די גוטע, זאַטע טעג, —
און ווען מיט אָפן מויל
ווערט אָנקומען די „סלעק".

מיט גראָבע זיילן רויך
די זעט איר פאַלאַץ בויט.
„פראָספעריטי" ! — איר בויך
איז אָנגעשטאָפט מיט ברויט !

און אַלע ווערן זאַט,
באַשוכט און אָנגעקליידט,
ווי אויף אַנאַנאַס־פּלאַקאַט
פיגור־פּאַרפּוצטע שטייט.

נאָר ווען געהיפּט ווי טרעפּ
די שטאָט די קוימענס צינדט,
רויך — דין, ווי שוואַרצער קרעפּ, —
צו ווי אַ נעפּל רינט;

אַ הונדערטסטע פאַבריק
גייט מיט איר אַרבעט אָן.
אויף מויערן צעוויגט
די „סלעק" איר גרויע פאָן.

איר גרויקייט אומגעזען,
ווי נעפּל, קלעפּיק פאַלט,
און מיט פאַרשעמטע הענט,
איז פול פאַבריק קוואַרטאַל;

צעשאָטן אויפן גאַס —
גייט אום אַ האַלבע שטאָט,
מיט דורשטיקייט נאָך לאַסט,
מיט וויינענדיקן טראָט.

ווען פון געזונטן לייב
שפּראָצט פרישע קראַפט אַרויס,
און שאַפּ האָט עס פאַרשפּייט,
און גאַס האָט עס אַנטבלויזט.

דער שטאָלצער — שטום און קליין,
צעדריקט פון שטאָט־קאַפּריז;
ס'האָט שטאָט זיין בלוט, זיין ביין,
און ער — ביי אירע פיס!

ווייל לאַנגע טעג אָן מי
פאַרצערט דעם שטאַרקסטן מוט;
דער רויטער מאָרגן־גלי
דערמאָנט זיי חרפּה־בלוט!

ניט יעדער האָט קוראַזש
צום „ברעדליין" צוצושטיין,
די צונג — די ליפּן וואַשט,
דער הונגער זאָל פאַרגיין:

גייט פּלוצלונג גאַסן־שטראָם
פון גלייכן פלוס אַרויס,
און רייד פון מיקראָפאָן —
אַריבער קעפּ געברויזט.

פיר רעדנער אויפן גאַס,
צו איינעם אויף אַ ראָג, —
ס'רעדט יעדער: אַרבעט־קלאַס,
און וועגט אים מיט זיין וואָג.

ס'רעדט איינער — ווייך און שטיל,
דערפרייט זיי מיט די רייד,
ווייל ער אַליין דערפילט
דעם טוי פון דעם באַשייד.

אַ צווייטער — רויִק, קאַלט,
ווי אַ כירורג צעשניידט:
— עס מאַכט ניט אויס אויך גוואַלט,
אויב ס'ווערט געזונט דאָס לייב!

אַ דריטער טומלט גלאַט,
ער רעדט ווי פון אַ בוך;
עס אַרט אים נאָר דער פּשט:
„דאָס איז בורזשואַזע פּרוכט!"

דער פּערטער — „אייער שולד
די לאַנגע, שווערע סלעק,
מיט אייזלשן געדולד
קוים רירט זיך אייער עק!

גיט מיטן עק אַ יאָג
און רייטער וואַרפט אַראָפּ!"
פון פערטן אויפן ראָג
פאַרדרייט המון דעם קאָפּ.

די רעדנער — אָפּגערעדט,
המון — צעשטרייטער שפּאַנט.
ס'הענגט איבער קאָפּ די זעט,
כאַטש כאַפּט זי מיט דער האַנט! —

דער שטילער — איז געווען
דער ערשטער פון די פיר;
האָט אַרבעטסלאָזע „הענט"
מיט ברודערשאַפט באַרירט.

אַ קאַלטע רוישט די גאַס
מיט מענטשן, שטיין, און שטאָל,
און ס'פלאַקערט דער קאָנטראַסט
פון אָרעמקייט און — גאָלד.

ער איז אַליין פאַר שאַנד,
אַוועק פון זיינע פּעק,
עס פייערט אים די האַנט
צו אַרבעטן אין „סלעק".

ער שליסט זיך אָן אין זיי,
ווי שאָטן נאָך זיי גייט,
ער וואַרעמט זייער ריי,
און טרייסט מיט זיינע רייד.

ער טרייסט זיי איינציקווייז,
און לינדערט זייער וואונד,
ווייל נויט — דערווײלע בייסט
ווי הונגעריקער הונט. —

מיט בשורות קומט ער אָן,
און יעדן רוימט ער איין:
— אַז באַלדיקער סעזאָן
וועט לענגער, בעסער זיין! —

ער גייט מיט זיי באַנאַנד,
און מאַכט פאַר זיי אַלץ קלאָר.
כאָטש פרעמד און אומבאַקאַנט, —
פאַרשלונגען ווערט זיין וואָרט.

זיין וואָרט ווערט שנעל צעכאַפּט,
ווי הייסער, פרישער ברויט:
— באַלד רופט מען קריק אין שאַפּ,
האָט אונדז אַ מענטש פאַרטרויט!

אויף פּנימער — אַ פרייד
אַ רגע גיט אַ שטראַל.
פאַרנאַכט — און מען צעגייט
פון דעם פאַבריק־קוואַרטאַל.

ס'איז כאָטש אַ טרייסט פאַראַן
צו ברענגען אין דער היים.
זאָל נאָר ווי מדבר־מן
אויף מאָרגן נישט צעגיין!

ס'ווערט פריילעכער געזינט
פון טאַטנס גוטע נייס;
די פרייד פאַרטרייבט די שפּין,
און איר געוועב צערייסט.

ס׳ווערט גראַמער היינט אין קיך
מיט דעם געזינד אַרום;
דאָס אָרעמע געריכט
אַן אַנדער טעם באַקומט.

אין אַלע ווינקלען — פרייד,
די ראַדיאָ — אָנגעשטעלט.
פון דאָרט די זעלבע רייד:
— ס׳ווערט בעסער אויף דער וועלט!

די אַקציעס — שטייגן הויך,
געוועטעניש — אַ סך.
און גראָבע זיילן רויך —
באַלד ווידער איבער דאַך! — —

און שטילנס ברייטע שטרעק
האָט מער נאָך זיך צעשפרייט, —
באַלאָדט מיט זיינע פעק
אין רויש פון גאַסן גייט.

זיין שמאָלע האַרף־געשטאַלט
געשניטן זיך אין שטאָט.
אויף הילכיקן אַספאַלט
פאַרזייט זיין שטילן טראָט.

אַ קעמל איינגעהאָרבט
אין אויסגעשפרייטן וועג, —
געשלעפט זיין טרייסטיק וואָרט,
ווי לאָגל אין די פעק.

## וואָלקנדיקע טעג

לויט דיין באַשייד האָב איך געטאָן:
מיין לייד — פאַרגלייכט צו יענעמס לייד,
מיין שפענדל — קעגן יענעמס שפּאָן,
געפּרואווט אויף זיך דעם ברודערס קייט.
ער כאַפּט מיין קאַלטן אַקסל אָן,
ווען ס'גיט אַ ביס די רויע נויט;
און ס'קוקט נישט היימלעכער דער תהום
פאַר ביידנס אויגן אויסגעשפּרייט.

דאָך בין איך איצטער צוגעשמידט
צום ברודערס גורלדיקן וועג;
איין שטויב פאַרצייכנט ביידנס טריט,
איין ווינט פאַרשיט זיי און פאַרמעקט.
קיין גרינער גראָז — אין ערגעץ ניט;
אין שטומקייט — גיט כאַטש ווער אַ פרעג;
אַ ברודערשאַפט האָט אויפגעגליט
אין ביידנס וואָלקנדיקע טעג.

# פון ענגלישע און אַמעריקאַנער פּאָעטן.*

*) אַלע איבערזעצונגען פון ענגליש (אויסער ע. האַוסמאַן, עדווין אַרלינגטאָן, ראַבינסאָן און ראָבערט פראָסט) זענען געמאַכט געוואָרן מיט דער מיטהילף פון מיין זון אָדם לאַפּין.

## א. ע. האָוסמאַן:

### דער גרענאַדיר

ס'האָט קעניגין געשיקט נאָך מיר,
דער סאַרדזשענט האָט געזאָגט;
— „ווילסט, בחור, זיין אַ גרענאַדיר
פאַר דרייצן פּענס אַ טאָג?" —

פאַר דרייצן פּענס אַ טאָג — מיין קלייד
פון פריער — טו איך אויס,
און האָב מאַרשירט דעם וועג פון טויט,
וואָס לאָזט נישט מער אַרויס.

און ס'טריקנט מויל, מיין העמד איז נאַס,
מיין בלוט — אַנטרינט, און יאָגט.
איצט שטאַרב איך נישט מיט שולדן־לאַסט
פון דרייצן פּענס אַ טאָג.

ס'וועט סאַרדזשענט זוכן — נייער מאַן
זאָל זיין אַ גרענאַדיר,
נאָר אַלץ וועט זיין אַריבער דאַן
צווישן קעניגין און מיר.

און כ'לאָז איצט פון מיין פרייז אַראָפּ,
ווייל נאָכן טויט, מען זאָגט,
דאָרט גילט שוין מער נישט חכמה, גאָב,
נישט דרייצן פּענס אַ טאָג.

## דער פֿאַרברעכער

די נאַכט, ווען ס'האָט פֿאָטער געבראַכט מיך,
זיין גייסט — נישט גערוט אויף מיר;
ער האָט נישט געפּרואווט אַ טראַכט טאָן
צי ס'וויל אויף דער וועלט אַרויס
דער זון, וואָס שטייט פֿאַר דיר.

די טעג פֿון מוטערס טראָגן —
ווי נאַריש איר פֿרייד געווען;
פֿאַר פּיין וואָס כ'האָב פֿאַרשאַפֿט איר,
ביז זי האָט מיין געבורט דערזען,
דעם יונגס געבורט געזען.

מיין מוטער און מיין פֿאָטער —
אַוועק שוין פֿון דער וועלט,
מיין משפּט וועט זיי נישט טרעפֿן,
נאָר איך — פֿאָלג־אויס באַפֿעל,
צו הענגען אַליין אין פֿעלד.

קיין מענטש זאָל נישט געדענקען
די גאָט־פֿאַרלאָזטע זעל;
און נעם די פֿאָן פֿון געגנט —
אַ קנופּ פֿלעכט אויס פֿאַר מיין קעל,
און איך — וועל פֿוילן שנעל.

און ס'איז דאָס שפּיל געענדיקט,
זיין אָנהויב — נישט פֿאַרהיט;
מיין פֿאָטער און מיין מוטער —
אַ קינד האָט פֿאַר זיי געבליט,
און איך — האָב קיינעם ניט.

## מיין ליבשאַפט

אויב אמת אין האַרץ, וואָס איז שטאַרביק,
איז מיט מאַכט אינדערהויך פאַרקניפּט, —
וואָלט מיין ליבשאַפט צו דיר געקאָנט מאַכן,
אַז דו זאָלסט ניט שטאַרבן, מיין ליב.

יאָ, יאָ, אויב שטענדיקער טראַכטן,
אויב הילף דורך געדאַנק קאָן געשען, —
קאָן די וועלט פאַרגיין כאָטש מאָרגן,
נאָר דו — זאָלסט דיין קבר נישט זען.

די לאַנגע און זיכערע ליבשאַפט,
דער פאַרלאַנג צו טאָן דיר בלויז גוטס, —
באַדאַרפסטו דאָן לעבן אייביק,
אויב אין דעם איז פאַראַן נאָר אַ שוץ.

נאָר איצט, ווען אַלץ איז שוין גאָרניט,
זיי מילד צום האַרץ, וואָס לעבט שוין ניט מער, —
איידער דו לאָזסט זיך צו רייזן,
וואו פריינט צו געפינען איז שווער.

# העי, יונג

העי יונג, האָסט זאַכן צו טאָן? —
אייל זיך, ווען ס'צייטיקט דיין טאָג.
אויב ס'איז פאַר צווייען צו טאָן,
דאָ בין איך, מענטש, דיין צייט איצט שלאָגט.

שיק מיך איצט, און כ'גיי דיין וועג;
רוף, און דיין קול איך דערהער;
נוץ מיך, איידער זיי טראָגן מיך אַוועק,
ווען מענטש ניט גענוצט ווערט שוין מער.

איידער פריש לייב ווערט צעפוילט,
און מיין גרייטקייט־נערוו — פאַרגיין.
ס'וועט נישט קאָנען מער זאָגן דאָס מויל:
— כ'קען, מיין יונג, נישט קומען, ניין!

# עדווין אַרלינגטאָן ראָבינסאָן

## ריטשאַרד קאָרי

וועך ריטשאַרד קאָרי איז אין שטאָט אַראָפּ,
מיר מענטשן, אין גאַס, — געקוקט אויף זיין גאַנג.
געווען אַ דזשענטלמען פון טראָט ביזן קאָפּ,
און ציכטיק־ריין און קעניגלעך שלאַנק.

געווען אַזוי שטיל געקליידט אַלע טאָג,
און שטענדיק מענטשלעך זיין געשפּרעך געפירט,
דאָך לעבעדיק זיין „גוט־מאָרגן" געזאָגט,
געלויכטן, ווען ער האָט אין גאַס שפּאַצירט.

און רייך, — יע, רייכער פון אַ קעניג געווען, —
און זיין באַנעמונג — מיט אַזוי פיל חן;
מיר האָבן געמיינט ער איז אַלץ, און געזען
דעם ווּאונטש פון אונדזער גליק אין אים אַליין.

מיר האָבן געאַרבעט אַלץ, און געוואַרט,
קיין פליייש פאַרזוכט, און געשאָלטן דאָס ברויט;
און ריטשאַרד קאָרי — אין אַ זומער־נאַכט —
האָט אין זיין היים זיך דערשאָסן אויף טויט.

## דאָס הויז אויפֿן באַרג

זיך אַלע צעגאַנגען — לער,
דאָס הויז — אויף שלאָס איז שטיל,
ס׳איז גאָרנישט צו זאָגן מער.

דורך חורבה־ווענט, אָן שטער,
יאָגט ווינט־געוויין און גרילט:
זיך אַלע צעגאַנגען — לער.

נישטאָ צו ווען מער
זאָלסט ריידן בייז צי מילד:
ס׳איז גאָרנישט צו זאָגן מער.

וואָס ציט אונדז דאָ אַהער,
צום שוועל, וואָס שטומט און שטילט?
זיך אַלע צעגאַנגען — לער.

אומזיסט איז דער באַגער
צו זיי אין אונדז צעשפּילט:
ס׳איז גאָרנישט צו זאָגן מער.

מיט פּוילקייט און צעשטער
שטייט הויז פון באַרג פאַרווילדט:
זיך אַלע צעגאַנגען — לער,
ס׳איז גאָרנישט צו זאָגן מער.

# ראָבערט פראָסט

## אַ וואַלד־באַזוך אין אַ שניי־נאַכט.

כ׳ווייס וועמענס וואַלד עס איז, מיר דאַכט,
כאָטש הויז זיינס שטייט אויף שטעטל־שליאַך;
ער וועט נישט זען, ווי כ׳בלייב דאָ שטיין,
און זיין פאַרשנייטן וואַלד באַוואַך.

מיין קליינער פערד מוז זיין דערשטוינט
צו בלייבן, וואו ס׳איז נישט באַוואוינט;
לעם וואַלד און טייך — מיט אייז פאַרצאַמט,
אין שוואַרצסטער נאַכט פון יאָר — אַליין.

ער פרעגט מיט קלונג פון זיין געשפּאַן,
צי איז אַ טעות דאָ פאַראַן?
אַלץ שווייגט, — בלויז שטילער ווינט אין רוים,
און פאַל פון שניי־פּוך נאָכאַנאַנד.

דער וואַלד איז פינצטער, טיף, און שיין,
נאָר איך — זע פליכטן פאַר מיר שטיין,
און מיילן וועג ביז שלאָף צו גיין,
און מיילן וועג ביז שלאָף צו גיין.

## דער נישט געגאַנגענער וועג

צוויי וועגן אין געלן וואַלד צעשיידט;
אַ שאָד וואָס איך קאָן נישט ביידע גיין.
האָב איינעם באַטראַכט, ווי טיף ער גייט,
זיך ווייט אין ווילדגעוויקס פאַרדרייט,
אַז ס׳קאָן אים מיין אויג נישט גרייכן מיין.

דעם צווייטן וועג — קלייב איך אויס אין געדאַנק;
איז פאַרן אויג אויך בעסער געווען;
מער גראָז געהאַט, און האָט טריט פאַרלאַנגט;
נאָר גייענדיק דאָרט אַזוי מיין גאַנג —
זיי ביידע גלייך האָבן אויסגעזען.

ביינאַנד דאָרט געשפרייט זיך אין דער שטרעק.
פול בלעטער. — קיין טראָט שניידט דורך מיין בליק.
דעם ערשטן וועג — פאַר שפעטערע טעג!
געוואוסט — ווי וועג קומט זיך אויף מיט וועג. —
האָב מער נישט געהאָפט אים זען צוריק.

אין יאָרן די שפעטערע, — אַ קייט —
דערציילן וועל איך אַמאָל מיט ווי:
צוויי וועגן אין געלן וואַלד צעשיידט, —
און איך? — נעם דעם וועג וואָס קיינער גייט,
דעריבער איז איצטער אַלץ אַזוי.

## שניי־שטויב

אָט דאָס, ווי ס׳האָט אַ קראָ
אויף מיר — אין מיטן גיין —
אַ שאָט געטאָן דעם שניי־שטויב
פון אַ נאָדל־בוים, —

האָט געגעבן מיין האַרץ
גאָר אַן אַנדער ווענד,
און פאַרהיט, מיר טייל פון אַ טאָג
אין חרטה פאַרברענט.

## עדנאַ סענט ווינסענט מילײ

### צו אַ פרײַנט אַ דערווײַטערטן פון מיר

איצטער גייט אונטער, און כ׳היט, ווי ס׳גייט אונטער, די זון,
וואָס וועט שוין מער ניט אויפגיין צוריק.
טאָג האָט געזען דאָס פאַרגיין אין דיין בליק, אומזיניק ווי
דער ים;
דאָס פאַרגיין פון פריינטשאַפט, בעסער פון ברויט און פון
לייטערער גוטסקייט אָן צאָם,
וואָס דערהויבט דעם מענטש אַ ביסל העכער פון די חיות אַרום.

אַז דאָס זאָל געשען!
אַז איך זאָל דערלעבן צו זען —
חוצפּהדיקער, שטאָלץ — דער בלאָסער, צעשטרייטער קלאָאון
זאָל אויסגעפּוצט שטיין אין זיין פּורפּור־קלייד און ביליגער
קרוין פון רום,
צווישן די אויסדערוויילטע, געזיכט צו געזיכט! —
ס׳אַראַ שאַנד, — אין דעם אַמאָל הייליקן אָרט האָט דאָס ליכט
פון חכמה נאָר גערוט; און דער פאַרפאָלגטער אמת
איז דאָ באַשיצט געווען פון געפאַר;
איצט זיצט דאָ דער מיאוסער גאַסט אַ באַטראָגנטער ווי אַ נאַר!

איך וואָלט געקענט שווערן; האָב אויך געשוואָרן:
די בערג קאָנען זיך רירן, די וואַסערן — אויסטריקענען,
ווינטער מעג איינשרומפּן דעם שטאַם פון צווייג, וואָס האָט
אים געבאָרן,
אָבער ניט דיין ליבע פון מיר,—נישט דיין האַנט פון מיינער.
איצט גייט אונטער די זון, און כ׳היט ווי ס׳גייט אונטער
אַ רונדע,

זיי געזונט, טייער ליכט, גרויסער וואונדער!
אויך דו זיי געזונט! נאָר דו דאַרפסט נישט טרוימען,
אַז ס׳איז קלוג, וואָס דו האָסט די נאַכט פאַרבעטן איידער
די פינצטערניש קומט.

## דער זומער

אַוועק, אַוועק איז דער זומער דער ליבער,
וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן נישט געקענט,
איז ווידער פֿאַרשוואונדן אָן שפּור אומעטום,
ווי אַ גאָלדן פֿישל אַרויס פֿון מיינע הענט!
שטיל־שטיל גיי איך אַרום אויף מיין וועג צום גאָרטן,
וואו ער איז צום לעצטן מאָל געווען.
דעם פראָסט שווערער טראָט — אויף זיינע שטאַנגען,
וואו ס'האָט זיך זיין לייכטער טראָט געזען.
אַוועק, אַוועק איז דער זומער דער ליבער,
פֿאַרלאָרן פֿון דער גאַנצער שטרעק;
ווי אַ שיינענדיק פֿישל זיך פֿון האַנט אַרויסגעגליטשט,
אין שאָטנדיקן שטראָם אַוועק.

## צו אַ פּאָ-טשין, — אַ רודערער אויפן געלן ים

וואו איז ער איצט אין זיין שמוציק העמד און ריח פון קנאָבל,
ער רודערט זיין „סעמפּען״ אַהיים. ס׳פּאַלט די נאַכט שנעל
צו. —

דער רויטער זעגל אויפן מאַסט העגנגט און פלאַטערט אָן רו;
וואו איז ער איצט, איך וועל אים געדענקען מיין לעבן־לאַנג.
מיט ליבע און לויב פאַר זיין קורצן געזאַנג,
געשפּילט אויף כינעזישער פלייט!
מיר איז געוועזן אַזוי באַנג —
אויף מיין וועג איבער שטעט איז מיר יענער קלאַנג
געווען מיין איינציקע פרייד,
אַן אוצר, וואָס האָט מיך געשטילט אין די הונגער־טעג.
וואו איז ער, פאַר וועמען מיין האַרץ טראָגט אום ליבע און
לויב.

וואו איז ער אַוועק?

# עמיליע דיקענסאָן

## פֿאַרוואָס

פֿאַרוואָס האָב איך ליב דיך, האַר?
דערפֿאַר. —
עס פֿרעגט נישט דער ווינט דעם גראָז
ער זאָל ענטפֿערן פֿאַרוואָס,
ווען ער פֿליט פֿאַרביי,
קאָן ער רואיק נישט שטיין?

דער בליץ האָט קיינמאָל ניט
ביים אויג געפֿרעגט,
וואָס ער פֿאַרמאַכט זיך פֿאַר שרעק,
ווען ער גיט אַ שניט —
ווייל ער ווייסט,
ס'קאָן נישט ריידן דאָס אויג;
פֿאַראַן זאַכן, דו קאָנסט ניט זאָגן מיט רייד —
אַן אויסדערוויילטער בלויז פֿאַרשטייט.

## איך וואוין

איך וואוין אין דער מעגלעכקייט,
פיל שענער ווי אין וואָר — מיין הויז;
אַ גרעסערע צאָל פענצטער,
און טירן — מערער גרויס.

די קאַמערן, ווי פון צעדער —
נישט דורכצודרינגען קיין זאַך;
די שינדלען פון הימל —
מיין אייביקער דאַך.

מיינע געסט, — די שענסטע,
און אַלץ וואָס איך האָב צו טאָן:
איך שפּרייט אויס מיינע הענט
און ריר דעם גן־עדן אָן.

## איין זופּ

האָב איין זופּ געטאָן פון לעבן —
געוועזן איז שטרענג דער שכר:
מיין עקזיסטענץ — דאָס איז דער פּרייז,
וואָס יעדער באַצאָלט דערפאַר.

שטויבווייז האָט מען מיך געוואויגן,
באַלאַנסירט מיר שייד מיט שייד;
זיי האָבן באַצאָלט מיין ווערט:
איין טראָפּן הימל־פרייד!

# ג אָ ט

גאָט, חוץ דיר האָב איך קיינעם נישט,
דערפֿאַר רוף איך צו דיר.
כ׳האָב אַליין זיך פֿון דיר פֿאַרפֿרעמדט,
נאָר דו, געדענקסטו מיר ?

נישט געקומען דאָ צוליב זיך,
דאָס איז אַ קלייניקייט —
כ׳האָב דיר אַ פֿול האַרץ געבראַכט,
שווער צו טראָגן ווייט.

כ׳האָב דאָס האַרץ אין מיינעם געהאַט,
ביז ס׳האָט נישט געקענט שוין מער ;
מאָדנע, — געוואָרן מיר שווערער נאָך
זינט ס׳איז פֿון מיר אַוועק —
איז עס אויך דיר צו שווער ?

# עלינאָר װײַלי

## אַ דערטרונקענע פרוי

ער זאָל זײַן מײַן װעכטער,
װער ס׳צערײַסט מײַן תּפֿיסה־קײַט
דינער פֿון די װינט־געפֿלעכטן
אױפֿן ים צעשפּרײט.

ער זאָל זײַן מײַן לערער,
װער ס׳באַפֿעלט: זײַ שטאַרק!
דעם באַשאַף, װאָס יאָמערט
אין גלאָז־װאַנט־װאו פֿאַרשפּאַרט.

דאָך דער זאָל זײַן מײַן ברודער,
װעמעס שפּאָטיק יאוש־װאָר
עס טרײַבט אים זיך דערשטיקן
אין װילדגראָז פֿון מײַנע האָר.

## וואו, אָ וואו? —

איך דאַרף נישט טויט זיין, אַז דו
זאָלסט ניט דערוויסן זיך, וואו
איז מיין רו, מיין געביין,
און די טריט פון מיין גיין —
פאַרשריבן אין בלוט צי אין טוי.
ווייל פאַרשטעלט וועלן זיי
פון דיר זיין אין הויכן גראָז,
צי אין שניי־ווייכן פראָסט.
די טריט פירן וואוהין,
דורך לופט, וואַסערן, אַהין
אויף דער ערד, אָדער אויבן,
אין קעלער, אָדער בוידים
פון דעם שכנישן הויז;
איך באַהאַלט זיך אייביק אויס,
זאָלסט ניט זען מיר נאָנט, צי ווייט,
אויף אין בעט ביי דיין זייט.

# סאַראַ טיסדעיל

## ווי כוואַליעדיק גערשטן

ווי כוואַליעדיק גערשטן
אין פֿלאַכפֿעלד ביים ים,
וואָס זינגט אין האַרטן ווינט
אָן סוף אויפֿן לאַן;

ווי כוואַליעדיק גערשטן —
אָט — נידעריק, אָט — הויך,
פֿון מיין פּיין זיך דערהויבן
געוועלט וואָלט איך אויך;

אַזוי וואָלט איך שטיל
טאָג און נאַכט לאַנג און לאַנג,
געביטן מיין וויי־טאָג
אויף געזאַנג.

## אויפן שפּיצבאַרג

כ׳האָב דעם שפּיץ נאָך פון פריער פאַרבייגיין געמוזט,
ווייל מיין וועג באַרג אַראָפּ איצטער גייט.
מאָדנע, כ׳בין דעם באַרגשפּיץ דורך און גאָר נישט געוואוסט,
בלויז אַ דאָרן פלעגט שטענדיק אַ כאַפּ טאָן דעם זוים פון מיין קלייד.

דעם גאַנצן מאָרגן האָט אַ שטאָלץ מיך באַגריסט,
האָב זיך שלאַנק ווי אַ קיניגין שטיין געזען.
פאַרוויקלט אין ווינט און אין זון; די וועלט אונטער מיינע פיס —
אָבער אַרום איז רוי, — און גאָרנישט וואונדערלעך געווען.

ס׳האָט געדאַכט: ס׳איז ווי דער אויסגעטראָטענער שטעג,
און די דערנער — צופּן דעם זוים פון מיין קלייד.
נאָר ס׳איז שוין אומזיסט, כ׳זאָל פון דאָרט איצט אַוועק,
ווייל דער וועג צוריק — באַרגאַראָפּ נאָר גייט.

## נאַכט-געזאַנג אין אַמאַלפי

כ׳האָב דעם הימל מיט שטערן געפרעגט:
וואָס זאָל איך אים געבן, מיין פרייד?
און ס׳ענטפערט מיר מיט שטילקייט.
שטילקייט פון אויבן ווייט.

כ׳האָב געפרעגט דעם פאַרכמורעטן ים,
דאָרט וואו דער פישער שיפט —
און ס׳ענטפערט מיר מיט שטילקייט,
שטילקייט אונטן טריפט.

אָ, איך קאָן אים געבן געוויין,
אָדער — מיין פייניק געזאַנג —
נאָר ווי קאָן איך אים געבן שטילקייט
דעם גאַנצן לעבנלאַנג?

# דזשיימס סטיפֿענס

DEIREDRE

דו נישט לאַז, ס׳זאָל אַ פֿרוי הערן דאָס ליד;
ס׳איז פֿאַר מאַנסלייט; און נאָך זיי — זייערע זין,
און זייערע זינס זין.

ס׳קומט אַ צייט, ווען דאָס האַרץ זינקט אין טרויער;
און אונדז דערמאָנט זיך די דעאַירדרע־לעגענדע,
און אַז אירע ליפּן זיינען בלויז שטויב.

זי האָט אַמאָל די ערד באַטראַכט; מענער — גענומען איר האַנט;
אַריינגעקוקט אין איר בליק, און געזאָגט זייער שפּרוך;
און זי האָט אויף דעם געענטפֿערט.

מער פֿון טויזנט יאָר, זינט זי איז וואונדערלעך געווען,
זינט זי האָט דאָס כוואַליעדיק גראָז באַרירט;
געזען די וואָלקנס.

שוין טויזנט יאָר! דאָס גראָז — נאָך אַלץ ווי אַמאָל,
די וואָלקנס — אַזוי שיין ווי דאַן, ווען דעאירדרע
איז נאָך לעבעדיק געווען!

ס׳איז נישט געבוירן קיינמאָל אַ פֿרוי
אַזוי וואונדערלעך שיין; נישט קיין איינע אַזוי שיין
פֿון אַלע פֿרויען אויף דער וועלט.

זאָלן די מאַנסלייט פֿונאַנדערגיין און טרויערן צוזאַמען,
קיין מאַן קען מער קיינמאָל איר ליבן; קיין מאַן קען מער קיינמאָל

איר געליבטער נישט זיין.

ס׳קען נישט קיין מאַן פֿאַר איר זיך בויגן; קיין מאַן קען זאָגן—
וואָס קאָן איינער זאָגן? קיין ווערטער נישטאָ
וואָס איינער קאָן זאָגן צו איר!

איצט איז זי נאָר אַ לעגענדע — דערציילט
אַרום אַ פֿייער; קיין מאַן קען קיינמאָל נישט זיין מער
קיין פֿריינט פֿון דער אומגליקלעכער קעניגין.

# אין דער נאַכט

ס׳איז שטענדיק אַ רויש ווען ס׳איז פינצטער;
דאָס איז דער רויש פון שווייגן און דער רויש
פון בלינדקייט.

דער רויש פון שווייגן, דער רויש פון בלינדקייט
ברענגען מיך שרעק,
זיי שטעלן מיך שטייף און גלייך ווי אַ בוים אַוועק!

זיי ברענגען מיך שרעק,
זיי שטעלן מיך שטייף און גלייך ווי אַ בוים אַוועק!
ווייל צום סוף, זייער רויש פון אַ דונער
ווערט העכער.

ווייל צום סוף, זייער רויש פון אַ דונער ווערט העכער;
זיי שרעקן מיין נשמה,
און ס׳האַרץ מיר צעברעכן!

# רידזשלי טאָררענס

## אַ לינטשעריי

שוואַרצפויגל, שוואַרצפויגל אין דער שטייג, —
ס׳איז עפּעס מאָדנע היינט ביינאַכט!
דעם שעריפס טראָט פון ווייט פאַרשווייגט;
די רגעס — ווי פליגן לעצטיאַריקע פויל,
דורך די גראַטעס — ווי אַ יאַרנקנויל —
די שעהן ציען זיך היינט ביינאַכט!

הימל הענגט ווי אַ שווערער דעק
הינטער דער טיר היינט ביינאַכט;
וואָס איז דאָס? — אַ רוישביים וועג,
וואָס איז דאָס? — געשריי און טריט.
פאַר זינד געטאָנענע און ניט —
וועסטו באַצאָלן היינט ביינאַכט!

אומזיסט דער רויטער שווייס פון שרעק,
אומזיסט פאַרצווייפלונג, קלאָג אין בליק;
זיי האָבן ביקסן, זיי האָבן שטריק,
זיי האָבן מוט און דאָס געווער;
דערפאַר אומזיסט שוין צו פרעגן מער.
אומזיסט, זיי וועלן זייער ענטפער דיר
אַדורכשיסן אַדורך דיין טיר —
דו וועסט שטאַרבן היינט ביינאַכט!

דאָרט, וואו דער איינזאַמער שיידוועג ליגט,
איז נישט אויף צו ענטפערן דאָס אָרט;
נאָר שטילקייט, צאָלן־גרעב שטיקט און שטיקט,
און צו לינטשן — דער צווייג איז דאָרט;
אויף דיינע פאַר אויגן וואַרט אַ גרויער באַגין,
שוואַרצפויגל!

ווּעסט אפשר טרעפן מיט זיי זיך וואו —
זוך די מאַסקע אויף זייער געזיכט;
דאָס איז דער וועג צו דערקאָנען זיי, —
אַ ווייסע מאַסקע דאָס געזיכט דעקט צו.
דו שטעל זיך אָפּ, און ווייז זיי דאָרט
זאַכן, צו וואָס זיי זיינען טויב;
און זיי — קאָנען זאָגן דיר זייער מיין, —
צו וואַשן בלוט מיט בלוט — נאָר ווי
אויב דו אַליין ביסט ריין?

שוואַרצפויגל־זינגער, שוואַרצפויגל שטיל,
דערשטיקט איז דער זאָם פאַר דיר פאַרפלאָנצט;
דו גייסט איצט אַוועק פון אַ דאָרנדיק פעלד, —
דיר וועט זיין בעסער, קאָן זיין, אָן דער וועלט, —
און דאָס וואָס די זייער האָבן פאַרזייט,
לאָז זיי עסן אַליין זייער ברויט,
שוואַרצפויגל!

# הערי קעמפּ

## מאָדנע...

מאָדנע, אין גאַס גייען מענטשן הין און צוריק,
רירן זיך ווי פון עמיצן געפירט;
ווען דו — כאָטש טויט, דאָך גאַנץ און אומבאַרירט, —
דיין קערפּער אַנטשוויגן, רואיק ליגט.

מיר איילן — געבויגט פאַר קליינינקייטן בלויז,
מיט ערנסט — יעדער נישטיקייט באַגלייט.
באַריידן, ליבן, — מיר בייטן סחורה אויס, —
נאָר דו אויף אייביק ליגסט דאָרט שטילערהייט.

באַדויער אונדז אין שטאַרקן שלאָף אַליין,
באַדויער אונדזער געלעכטער, — צי געוויין;
דו נאָר לעבסט; טויט איז בלויז פאַר אונדזערע לייט,
וואָס דרייען זיך אין שאָטן פון זיין כעס,
ווען וועלט שניידט דורך איר שטורעמדיקן פּאַס, —
און וואַרפט אַריין אונדז אין דער אייביקייט.

## יוגנט

מיין פריינטשאַפט פאַרלאָזט אין מיטן וועג, —
יוגנט, ביסטו עס פון מיר אַוועק?

אַ בלינדער מאָט קלאַפּט אין פענצטער־ראַם;
ס'ווערט פלוצלונג אַש פון דעם יונגן פלאַם.

אַ סקריפּ האָט געטאָן דער דיל ביי מיר,
דערהערט אַ צומאַך פון אַ טיר,

האָב טריט דערשפּירט פון וועמענס פיס,
כ'קוק אין גאַס אַרויס, — ס'איז קיינער נישט...

איז עס יוגנט ווי אַ גנב אַרויס, —
מיין גוטער גאַסט פון נעכטן בלויז?

## דער פאַרשוועכטער טעמפּל

כ׳האָב געהאַט אויף אַ באַרג אַ קליינע הויז, —
אַ קליינע הויז, געבויט אויף ליבשאַפט־פרייד ;
באַגין האָט זיין גאָלד אויף די פענצטער געשפּרייט.
איבער דעם צאַרטן שוועל — אַריין און אַרויס, —

האָב איך מיט מיין ליבע האַנט אין האַנט שפּאַצירט,
און דעם אָוונט־שטערן ווייך אויף מיר געשפּירט,
פרידלעכע פלייט־שטימען — אין דער לופט געוויייט ;
היימישע גייסטער — געבענטשט דעם היילים אָרט,
ווייל אויף דיין פּנים האָט ליכטיקע פרייד
צוגעצויגן דאָס ריינע גוטס פון וואָר...

אַוועק די ליבע פרייד, וואָס דו האָסט געבראַכט צו מיר,
מיין קליינע הויז, — ווי אַ טעמפּל פאַרשוועכט ;
דער דאַך ליגט פריי פאַר יעדן בליק און ריר,
מיין לעבן איז פול מיט רעגנדיקע נעכט.

# ווילּיאַם בלייק

## דער פייפער

כ׳פייף צום ווילדן טאָל אַראָפּ,
לידער פייף איך, פרייד־געזאַנג;
כ׳זע, אַ קינד אויף וואָלקן רייט,
לאַכט, און זאָגט מיר זיין פאַרלאַנג:

— פייף אַ ליד מיר פון אַ לאַם,
האָב איך אים געפייפט מיט פרייד;
— פייפער, פייף דאָס ליד אויף סניי, —
כ׳פייף, — ער הערט פאַרוויינטערהייט.

— ס׳פריילעך פייפל וואַרף אַוועק,
זינג איצט לידער מיר פון פרייד; —
זינג איך אים דאָס זעלבע ליד,
און דאָס קינד — פאַר פרייד פאַרגייט.

— פייפער, איצט אַ בוך שרייב אָן,
און פאַרשרייב די לידער דאָ, —
לייענען זאָל יעדער זיי — —
כ׳זוך דעם קינד — ער איז נישטאָ!

מאַך איך פון אַ רוט אַ פּען,
פון קלאָר וואַסער מאַך איך טינט,
און כ׳פאַרשרייב מיין פרייד געזאַנג,
ס׳זאָל דערפרייען יעדן קינד.

## דזשאָים קילמער

### בוימער

איך גלויב, כ׳וועל קיינמאָל זען אַ ליד
אין שיינקייט, ווי אַ בוים צעבליט.

אַ בוים זויגט הונגעריק די ערד,
און פון איר ברוסט־זאַפט ווערט גענערט.

אַ בוים, צו גאָט קוקט גאַנצע טעג,
מיט צווייגן תפילהדיק געשטרעקט.

אַ בוים, אין זומערדיקן קלאָר,
טראָגט פויגל־נעסט אין זיינע האָר.

און וועמעס גוף ס׳האָט שניי דערקענט,
מיט רעגן — לייבלעך זיך דערנענט.

ליד — מאַכט אַ נאַר ווי איך אַליין,
און בלויז איין גאָט באַשאַפט אַ בוים.

## וו. ה. דייוויס

### אַ ביישפּיל

אָט דאָ איז אַ ביישפּיל
פון אַ שמעטערלינג ;
וועמעס פריידיק האַרץ קען מאַכן,
אַז אויף האַרט־רויען פעלדז
זאָל ער ליגן פריילעך, גרינג.
אָן פריינט, און איינזאַם,
אויף דעם־אָ נישט־גאָר ווייכן שטיין.

איצט זאָל מיין בעט זיין האַרט,
מיך גייט נישט אָן !
כ׳וועל פאַרוואַנדלען אַלץ אין פרייד,
ווי דער שמעטערלינג טאָן ;
וועמעס פריידיק האַרץ קען מאַכן
פון שטיין זאָל בלום דערוואַכן.

# אינהאַלט:



## דער מאַרש פון צוויי (לידער פון ניו יאָרק)

## פון ענגלישע און אַמעריקאַנער פּאָעטן

### א. ע. האָוסמאַן



### עדווין אַרלינגטאָן ראָבינסאָן



### ראָבערט פראָסט



### עדנאַ סענט ווינסענט מילײ



### עמיליע דיקענסאָן